# מאַקס מילטאָן

(1946—1868)

לויט זיין גערדאַנקען-גאַנג האָט מאַקס מילטאָן, אַ שיקאַגער תושב במשך אַ האַלבן יאָרהונדערט אָדער מער, געהערט צו דער אַגרעסיוו-קעמ־פערישער הגם אַ היבש ביסל טרוימעריש-נאאיווער אינטעליגענץ פון פאַר דער ערשטער וועלט-מלחמה, צו דער אינטעליגענץ וואָס האָט געשטרעבט צו בויען, אָדער איבערבויען, די וועלט אויף נייע יסודות פון אינטערנאַ־ציאָנאַלן יושר און אַרבעטער-גערעכטיקייט און פרייהייט.

ווי איינער פון זיי האָט מאַקס מילטאָן ממש געזען מיט זיינע אויגן דעם באַלדיקן אָנקום פון אָט-דער מענטשהייט-גאולה.

אַליין אַ זון פון פאָלק, אַ יגיע-כפּים׳ניק (ביים פאַך געווען אַ האַלצ־שניצער), וועלכער האָט זיך געשטעלט אין איין ריי מיט די יידישע אַרבע־טער-מאַסן, האָט ער זיך באַטראַכט ווי אַ פירנדיקן אַרבעטער-אינטעלי־גענט. אַן אומרואיקער גייסט, וואַרפט ער פון זיך אַרונטער די קייטן וואָס זיין אומגעבונג האָט אויף אים אַרויפגעלייגט און קוקט ליבערשט צו דער צוקונפט, ווען מענטש וועט זיין באַפרייט פון רעליגיעז-נאַציאָנאַלע טראַ־דיציעס און מנהגים. ער באַטראַכט זיך ווי אַ פריי-גייסט אַפילו ווען די צייט פון פולער פרייהייט דאַרף ערשט קומען און רייסט זיך מיט אַלע כו־חות אין דער אָפענער וועלט פון קינסטלער, וואו פליכטן און התחייבותן, הן לגבי דער פאַמיליע הן לגבי דער געזעלשאַפט, קאָנען אַרונטערגעוואָרפן ווערן פון זיך. און ער וואַרפט טאַקע פון זיך אַרונטער געוויסע פליכטן, מיינענדיק אַז מיט דעם גופא דערנעענטערט ער דעם אָנקום אָדער אויפבוי פון דער נייער וועלט.

ערשט נאָך דער וועלט-מלחמה קומט די גרויסע אַנטוישונג אין די אַלטע אידעאַלן. און מאַקס מילטאָן ווערט אַרומגעכאַפּט פון איר ווי טויזנ־טער אנדערע בעלי-חלומות פון זיין דור.

אָבער אַפילו דעמאָלט שטייט מילטאָן על פרשת-דרכים: מיט איין אויג קוקט ער אויף דער צובראָכענער וועלט איבער וועלכער עס שוועבן אַרום שטיקלאַך פון אַמאָליקע אידעאַלן: גלייכהייט, פרייהייט, גערעכטיקייט, סאָציאַלער יושר א. א. וו. און מיטן אנדערן אויג קוקט ער אויף זיין אייגן פאָלק, וואָס ליידט אַזוי שטאַרק. אָט אין יענער צייט הויבט ער אָן צו שרייבן זיינע נאַציאָנאַלע מאָטיוון ווי „די אַכט חנוכה ליכטלאַך”, „ווי מיין זיידע

האט געלערנט תורה״, „אתה בחרתנו״, מאטיוון וואס ער וואלט זיך אפשר געשעמט מיט יארן צוריק צו באריר̈ן.

„מיר זענען א פאלק אויסגעקליבן,
אזוי שטייט אנגעשריבן.
פארשידן?
אידן . . .״

פלוצלונג הויבט אן מילטאן צו באזינגען דעם יידישן וויי, זיין צער און אומגליק:

„אונזער וויי אן אנדערער,
פון א וואנדערער.
אונזער געוויין —
ניט צו פארשטיין
איז געמיין !

ווי אזוי דער אמאליקער פארברענטער סאציאליסט האט בשלום זיך ארויסגעריסן פון זיין סאציאלע מיליע אין דער יידישער וועלט אריין, איז א דבר־פלא. אבער האבנדיק אין זין, אז אין תוך איז מילטאן געווען א פאלק־מענטש מיט טיפע ווארצלען אין יידישן לעבן, איז עס אפשר געווען גי־כער א צוריקקום צו זיך ווי אן אריינקום אין אן אנדער וועלט.

בטבע אן עכטער אפטימיסט, וועמעס ליבשאפט צום לעבן איז גע־ווען אומבאגרעניצט, האט ער שוין געפונען זיינע אייגענע מיטלען גובר צו זיין דעם יאוש וואס האט אים געגריזשעט. ער האט זיך דאריבער צו־געטוליעט צו זיין פאלק, ווען עס איז ניט געווען עפעס אנדערש צו מאגיען זיין בליק.

די קאטאסטראפע וואס האט זיך ארונטערגעלאזט אויף די יידן אין איראפע האט מילטאנ׳ען אינגאנצן אריבערגעפירט אין יידישן לאגער אריין און ער האט פון דאן אן געווידמעט זיין פעדער דעם יידישן פאלק און זיין צער.

טייל לידער זענען מיט דער צייט געווארן פאלק־לידער, וואס ווערן געזונגען בכל רחבי־אמעריקע. צו אייניקע האט ער גופא צוגעפאסט מא־טיוון. אבער ווייניקע ווייסן ווער דער מחבר איז.

זיין טיפע ליבשאפט און איבערגעבנקייט צו זיין פאלק האט מען אין די לעצטע יארן געקאנט זען פון זיין הארציקן באצי צום געדרוקטן יידישןווארט. ער האט יעדן אות ממש געקושט. וואו באר א יידישע אויס־גאבע, האט מילטאן זי געהאלטן ווי אן אבן טוב. אפילו ווען ער האט פאר־

לאָרן די ראיה, האָט ער געהאַלטן אַ סעקרעטאַרשע וואָס האָט געליינט פאַר אים. ווארים אָן דעם יידישן וואָרט איז מילטאָן געווען ווי אָן אַ נשמה. זיינע מערסטע לידער האָט ער געדיינקט אויף אויסווייניק און זיי פאַרגע־לייענט וואו נאר ער האָט אָן אָפּנעמער אויער געפונען.

---

מאַקס מילטאָן איז געבאָרן געוואָרן אין ווארשא, אין יאָר 1868, אין אַ פרומער יידישער הויז. זיינע עלטערן האָבן אים אָפּגעגעבן אין חדר צו פינף יאָר, וואו ער האָט געלערנט די טראַדיציאָנעלע לימודים. אָבער נאָך פון זיין קינדהייט האָט דאָס דערציילערישע און בילדלעכע געהאָט מער השפעה אויף אים ווי דאָס דידאַקטישע. ער האָט זייער יונג אָנגעהויבן צו לייענען מעשה-ביכלאַך אויף אידיש און שוין צו פערצן יאָר האָט ער אָנ־געהויבן צו שרייבן לידער, וועלכע ער האָט געוויזן זיין עלטערן ברודער יודל.

נאָך זייענדיק אין פוילן איז מילטאָן אַריינגעצויגן געוואָרן אין דעם קרייז פון זיין עלטערן ברודער׳ס חברים. ער ווערט אַ סאָציאַליסט. שפע־טער איז יודל אַריבערגעפאָרן קיין אַמעריקע און אין 1892 איז מאַקס אויך אָנגעקומען אַהער.

זיין ערשט ליד „אַ שנור קאָרעלן״ האָט ער אָפּגעדרוקט אין 1894 אין דער „פרייער אַרבעטער שטימע״.

פון דאַן אָן האָט מילטאָן געדרוקט לידער און דערציילונגען אין פאַר־שיידענע אויסגאַבעס, ווי אין דער „נייע וועלט״, שפעטער אין „פאָר־ווערטס״, אין „קונדס״, אין „אידישן קוריער״ פון שיקאַגע, אין דעם חודש זשורנאַל „די פעדער״, אין „וועג״ פון שיקאַגע.

די לעצטע פאַר יאָר פון זיין לעבן זענען געווען פינצטערע: ער האָט פאַרלאָרן ביידע אויגן און געבליבן אַליין. אָפטמאָל ווען כ׳בין געקומען אים זען אין זיין איינזאַמען צימער האָבן זיך געשטעלט טרערן אין די אויגן זעענדיק דעם 77־יעריקן זקן וואָס טאַפּט די ווענט. פונדעסטוועגן האָט ער אפילו דאַן ניט פאַרלאָרן זיין נאַטירלעכע לעבן-פרייד. ער האָט געשאַפן אומאויפהערלעך (ער האָט זיך אויסגעלערנט שרייבן בלינדערהייד) און גע־האָפט אַז ער וועט נאָך זוכה זיין אַרויסצוגעבן אַ זאַמלבוך פון אַלע זיינע לידער (איין בוך לידער איז דערשינען אין 1935 א. נ. „לידער פון לעבן״, אויסער זיין דראַמע „כאַאָס״).

די לעצטע חדשים פון זיין לעבן האָט מילטאָן פאַרבראַכט אין דער „היים פאַר יידישע בלינדע״, (3440, וועסט דאגלאַס בולעווארד, שיקאַגע) וואו ער האָט זיך געפילט פאַרהעלטניסמעסיק גליקלעך, ווייל אַלע האָבן געזוכט מאַכן זיין לעבן גרינגער. די ביטערניש פון זיין עלטער איז אַ היבש ביסל פאַרמינערט געוואָרן אַ דאַנק דער גוטהאַרציקייט פון די טוער

און אויפזייער אין דער „האום״.פאַר וועלכע עס קומט זיי, בלי ספק, אַ דאַנק.

דאָס אַרויסגעבן פון דעם בוך איז דערמעגלעכט געוואָרן דורך מיל־טאָנ׳ס טעכטער, מרס. א. א. שוואַרץ און מרס. דאָראַ ראָזנבערג פון נויאָרק, און אחרון אחרון חביב, זיין איידים, אַרנאָלד שוואַרץ, וועלכע האָבן איינ־געוויליקט אָפּצוגעבן די גאַנצע איינאַמע לטובת דעם אַנשטאַלט פאַר בלינ־דע.

אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, באַשטימט פון דער אַדמיניסטראַציע פון דער „היים״, באַשטייענדיק פון סעם שוואַרץ, מיטשעל פּערמאַן, יעקב ריכ־טער, און דוד גאָלדמאַן, האָבן זיך אונטערגענומען צו פאַרשפּרייטן דעם בוך.

די לידער זענען צוערשט צונויפגעקליבן געוואָרן פון מילטאָן׳ס פּריינט, פיליפּ כאַראַק, וועלכער האָט ניט געשזאַלעוועט קיין מי אין דער דורכפירונג פון אָט דער שווערער אַרבעט.

נפתלי קראַוויץ,

דעצעמבער, 1947

## מיין תפילה

הימל, באַהיט מיך פון אומזיניקע רייד,
פון פראַזן, חידות אָן אַ באַשייד,
לאָז דעם ווילן צו ווערן פאַרשטיין,
כאָטש דאָס, וואָס איך זאָג צו זיך אַליין . . .
נאָר ווען דאָס אומגליק איז דאָך מיר באַשערט,
פאַרטויב מיר מיין אויער, ניט צו זיין געהערט . . .
דאָס איז מיין געבעט, הימל פאַרנעם,
ווייל אַ ליד אָן קלאָרקייט, איז חלול השם . . .

## זאָל סוד פאַרבלייבן

כ׳בין ניט באַהאַוועגט אין גאַנג פון די שטערן,
כ׳וויים אויך ניט פיל וועגן מילכיקן וועג,
כ׳וויים בלויז, אז שטח האָט דאָרטן קיין גרענעץ —
אז טויזנטער יאָרן זיינען בלויז טעג . . .

און אויך דער ים איז פול מיט זיין וואונדער,
סודות גאָר טיף, ווי די תורות פון בורא . . .
שטיי איך און קוק מיט בליק פאַרגאַפטן
כ׳ווער ווי צעשפּאַלטן פון ליבע און מורא . . .

דאָך איך אליין בין סוד גאָר דער גרעסטער —
סוד: וואָס מענש וועט אייביק פאַרבלייבן . . .
און ווער ס׳וועט אָט דעם סוד דערגרונטן —
זאָל ער אין זאַמד דאָס פאַרשרייבן . . .

## לידער צווײ

ס׳האָט װער געשריבן לידער צווײ,
אײנס פֿאַר מיר, אײנס פֿאַר דיר,
קלינגט דיר פֿרעמד — דאָס ליד װאָס מײן,
נאָך פֿרעמדער איז דײן ליד פֿאַר מיר.

װײס איך װאו עס ליגט די שולד,
ס׳זײנען דאָך באַלד געװען לידער צווײ . . .
האָט אײנס געװאָלט שװעבן הויך;
ניט זינקען שװער, אַזוי װי בלײ.

צו שמאָל געװען פֿאַר אונז די בריק,
זיך אויסמײדן שוין ניט געקענט,
װען דער צופֿאַל האָט דאָס באַשטימט,
האָט זיך אָן אונז שוין ניט געװענט . . .

צו װינציק ליכט אין װאַנדער װעג,
דער צופֿאַל איז דאָך אויך האַלב בלינד,
לײענט מען נאָטן מיט די פֿינגער,
און יעדער טעות מײנט אַ זינד . . .

זינגט יעדער אויס זײן ליד פֿאַר זיך,
װי ס׳זינגט זיך אויס דער טאָג אין נאַכט,
ביז לבנה שײנט אויף מצבות גלײך;
צי מען האָט געװײנט — צי געלאַכט.

## צו מײן פֿרײנט

װילסטו װיסן װי איך שרײב,
װי מײן אומעט איך פֿאַרטרײב,
דאַרפֿסט קײן פֿען, שרײב־פּאַפּיר,
הער זיך צו נאָר אַרום דיר.

הער זיך אײן: אין דער שטיל
איז פֿאַראַן אויך קלאַנגען פֿיל,
ס׳איז אַ מין ראַדיאָ־שפּיל,
רעדער־רויש פֿון לעבנס־מיל . . .

ימים ווערן אויסגעשפּרייט —
אויף דער פלאַך פון רוים און צייט,
זונען אויף — און אונטער־גאַנג
ווערט צוזאַמען איין געזאַנג.

אַלץ וואָס גרויס, אַלץ וואָס קליין —
אַלץ וואָס מיאוס, אַלץ וואָס שיין —
אי געלעכטער, אי געוויין,
נעמסט פאַרשטיין — נעמסט פאַרשטיין . . .

## מ י י ן   ש י ף

שווער באַלאָדן מיט מיינע יאָרן,
בלייב איך שטיין אַליין ביים ברעג,
בליק איך אַהין אין וויטע רוימען,
זע איך נאָך דעם רויך פון קוימען,
און אויך אים יאָגט דער ווינט אַוועק . . .

בלייב איך אונטער כמאַרנע הימלען,
מיינע אויגן, מידע, נעמען דרימלען,
די שיף זי קומט נאָך אַ מאָל . . .
נעם איך זיך ווידער איילן, איילן,
לויפן ווידער פאַרביי די מיילן,
פון שפּיץ באַרג ביזן טיפן טאָל . . .

## מ י י ן   ת פ י ס ה

תפיסה גרויע, דיקע ווענט,
קייטן שווערע אויף פיס און הענט,
קבר־שטילקייט וואָס מאַכט טויב,
קבר־בלינדקייט אָן אַ שויב.
תמיד מיד, כאָטש מ׳רוט,
תפיסה גרויע פון מיין געמיט.

תפיסה גרויע פון מיין געמיט,
קייטן שווערע אויף מיין ליד,
זשאַווער פרעסט יעדן קלאַנג,
ווי אַ וואָרים דעם זאַפט פון זאַנג.
איך, דער וועכטער וואָס מיך היט,
אין דער תפיסה פון מיין געמיט.

## דער דיכטער ווײַנט אַזוי

אין אַ רעגנדיקער נאַכט,
און ניט בלויז דער רעגן,
נאָר ווײַל דער אומעט די נשמה פּרעסט,
און מ׳איז זיך אַליין אַקעגן.

וואַרפט ער זײַן מאַנטל אַרויף אויף זיך,
און לאָזט זיך אַרוים אויף גאַס
ער פאַרגיכט ניט זײַנע טריט,
כאָטש ער ווערט אינגאַנצן נאַס.

בא דער קאַפיי שטעלט ער זיך אָפּ,
און קוקט דורכן פענצטער אַרײַן,
חברים אַלע זײַנען דאָרט, אָבער
בעסער צו זײַן אַליין.

און דער רעגן, הערט ניט אויף,
נאָר כסדר עס גיסט און גיסט,
ס׳איז דאָך ניט דער רעגן בלויז —
וואָס אים אַזוי פאַרדריסט.

וואָס אים פאַרדריסט ווייס ער אויך,
ס׳איז קלאָר אים און באַשטימט,
דערפאַר איז זײַן געמיט אַזוי,
און אַלץ אַזוי פאַרקרימט.

אײַלט ער צוריק אַרײַן אין שטוב,
און זיך געפינט ער דאָרט,
פאַפיר ליגט אויפן טיש,
וואָס וואַרט אויף זײַן וואָרט.

פאַרגייט אַ שעה נאָך אַ שעה,
פאַפיר בלײַבט ליידיק, בלאַנק,
קיין האַרץ צו געבן ס׳בידנע וואָרט
צו אַ וועלט, וואָס איז קראַנק.

וואָס ער זאָל ניט זאָגן אַצינד,
ווען עס זיין זאָלץ אויף וואונדן רוי,
און די וועלט האָט קיין אַנונג ניט,
אַז דער דיכטער וויינט אַזוי.

## אויפגאַנגען

ס'איז די זון נאָר וואָס פֿאַרגאַנגען,
ווי פֿייער, ווי בלוט, וואָלט מערב געפֿאַרבן,
האָבן קאָלירן צעשפּילט זיך אין קלאַנגען —
א קדיש, א מת — טאָג איז געשטאָרבן . . .

איז דאָרטן, אין מזרח, זון אויפגעגאַנגען,
האָט דאָרטן זיך ערשט טאָג אָנגעהויבן,
ליכט האָט געזיגט, דאָס פֿינצטער געפֿאַנגען,
אַ וואונדער אַזאַ, שטאַרקט דאָך מיין גלויבן . . .

א שטיק פֿון וועלט האָט אין נאַכט זיך פֿאַרלוירן,
שטאַרק דער טייוול! ער קאָן דאָס באַווייזן,
דאָך אומזיסט איז זיין מי — שרעקן לויערן —
ס'איילט זיך די הילף, מיט ריזיקע שפּרייזן . . .

און אָט די נאַכט ווען ווערן פֿאַרשריבן,
מענטש וועט מיט שוידער אַמאָל דאָס נאָך לייענען,
ווען רשעות פֿון וועלט, לאַנג שוין פֿאַרטריבן —
די שאַקאַלן וועלן מער ניט באַוויינען.

## לעבן

פאַר וועמען דו ביזט אַ בוך אַ פאַרמאַכטער,
וואו ס'זיינען פאַרשריבן נעכט און די טעג,
פאַר וועמען דו ביזט אַ טעמע פאַרטראַכטע —
פאַר וועמען ביזט וואַלד, פאַר געיעג.

פאַר וועמען דו ביזט ד' אמות פאַרשפּאַרטע —
דאָך שפּרייטסט דיינע פליגל צו הויכן,
און די וואָס זיינען פון מזל גענאַרטע,
זיי שעלטן, וואָס מיר רופן „גרייכן" . . .

פאַר וועמען ביזט ליד, בלויז צו פאַרווײַלן,
מיט ווערטער פּראָסטע אָן זינען,
צי פאַר דעם, וואָס זוכט וואונדן צו היילן,
אין וואָרט כאָטש אַליין זיך געפינען.

## דער נס דאַרף געשען

צו וועמען קען מענטש זיך ווענדן אין עלנט?
וואוהין קען אַ מענטש מיט זיין אומעט דערגיין?
אַ בוים צווישן בוימער פילט זיך מער היימיש,
שטיין קען אַ שטיין מער פאַרשטיין.

ווי ווייט קען אַ מענטש דערטראָגן זיין משא
וואָס ברעכט אים דעם רוקן אין צווייען?
אויף וועלכן וועג טרעפט מען אַמאָל אַ פּנים
וואָס זאָל אויך פון לאַסטן באַפרייען? . . .

ווער וועט אין זיין פענצטער אַ ליכטל אָנצינדן?
פאַרן פרעמדן דעם וועג צו דערזען.
מן איז געפאַלן — ים זיך געשפּאַלטן —
אַ נס נאָר אַזאַ דאַרף נאָך געשען! . . .

## דאָס לײדיקע בלאַט

כ'האָב דורך נאַכט ביז גרויען באַגינען
אַ מידער געוואַנדערט דורך מײנע רואינען —

געבלעטערט מײן בוך, די לידער געלײענט,
אויף שויבן דער רעגן, די נאַכט האָט געוויינט . . .

בליצן אין זכרון פאַרגאַנגענע צײטן,
פאַלט אַ ליכט אויפן נעכטן דעם ווײטן.

דאָ זײנען עלף פערזן, עלף ווי געצײלט,
עלף די חדשים, דער מאַי נאָר דאָ פעלט . . .

און דאָ זײנען שורות, שורות נאָר צוויי,
אַ בלימל, אַ פלעק, אַ טרער איז אויף זײ.

דוכט זיך מיר אָפּ — דאָס בלימל עס בליט,—
דערמאָנט עס אַזוי אַן אַנדער געמיט.

און אָט איז אַ ליד וואָס כ'וויל פאַרגעסן,
ווערטער, ווי ווערים, ווערטער וואָס פרעסן,—

און דאָ איז א בלאַט מיט אײן אײנציקער שורה,
אַ דאַטום — יאָר־צײט נאָך וועמענס אַ קבורה,

און דאָ איז אַ בלאַט — לײדיק געבליבן . . .

## אותיות בלײ

אותיות בלײ, זאַץ פאַר מײן ליד,
אין קוילן זאָלט איר זיך פאַרוואַנדלען,
סײ ווי איז מײן ליד גאַל געמיט,
ניט ציגעלע, ראָזשינקעס, מאַנדלען . . .

זאַץ פאַר מײן ליד, און אַלעמענס לידער,
שיסקוילן מוזט איר איצט ווערן,
צו טראָגן מיט אימפעט צום שונא דעם טויט ,
אים צינדן, ברענען אָן אויפהערן.

אין אידישן אות איז דאָך קדושה פאַראַן,
אונזער קיום סוד דאָרט באַהאַלטן,
אונזער זײן אַ הימלס געבאָט,
איבערצולעבן דעם שונאס געוואַלטן.

## עס איז דאָ אַזאַ וויי

עס איז דאָ אַזאַ וויי, אַ שטילער געשריי,
עס איז דאָ אַזאַ צער, וואָס איז טיפער דערפאַר,
ווייל באַהאַלטן פון זען און הערן.

עס איז דאָ אַזאַ פרייד, וואָס איז שטאַרקער פון לייד,
נאָר מיט איר שוין מוז מען זיך טיילן.
זינגט מען איר אויס, שפּילט מען איר אויס —
דורך דעם ליד קענסטו סודות דערציילן.

עס איז דאָ אַזאַ צייט, ווען די לייד און די פרייד,
טיף אין האַרצן זיך מישן צוזאַמען;
די פרייד און די לייד האָט מער קיין באַדייט,
ווייל דו אַנסט קוים פון וואַנען זיי שטאַמען.

## חצות

שפּעט אין דער נאַכט, איבער די ספרים,
זיין שטערן מיט קנייטשן, טיפע ווי קברים,
מיט ניגון, אַ זיפץ ווי אין צער געצויגן . . .
דער צער, ער פלאַמט אין זיינע אויגן.
„שמאי דער מחמיר, הלל רחמנות,
ביידע תנאים זעען די סכנות —
בורא עולם?! — אוי אוי, אוי . . .
ויסע, ויסע, — איבער לענדער געצויגן,
שווער איז דער גלות, דער רוקן געבויגן,
באַחרית הימים — איז ווי צו די אויגן.
אוי, אוי, אוי".
מיט ציטערדיקער האַנט מישט ער דאָס בלאַט,
מיט ציטערדיק קול: — נישט דאָס איז דער פשט!
דער זוהר ממש! ס'איז דאָך פאַראַט! . . .

— — — — — — — — — — — — — —

אמת, מיר האָבן שוין גאָרניט צו פאַרלירן,
הייסט עס די רעדער מיט אונזער בלוט שמירן,
וועט אונז דער וואָגן אַמאָל ניט פאַרפירן? . . .
אוי, אוי, אוי . . .
דער הימל — ער גרויט, ס'טאָגט שוין אין דרויסן,
און ער: — „חלילה — חלילה קיין ספקות ניט אויסן,
אין — אין — אייביקן — גרויסן" . . .

## ס׳האָט געלוינט

ס׳האָט געלוינט, ס׳האָט געלוינט,
פאַר דער צייט וואָס איך האָב דאָ געוואוינט,
כאָטש דאָס לעבן האָט נישט געשוינט,
און מיט דערנער אָפט באַקרוינט —
דאָך האָט עס געלוינט.

ווער עס האָט, ווי איך, ליב געהאַט
מענטש — בוים — בלום און בלאַט,
און דעם פויגלס זיסע שטים —
און זיין לויב צום אלוקים —
אים האָט אויך געלוינט.

שטייט מיין כוס איצט פאַר מיר לער,
ניטאָ אין אים קיין טראָפּן ביטערס מער.
בין איך מידלעך, ווילט זיך רו.
שליס איך פרידלעך מיינע אויגן צו.

## דער וועג פון לעבן

קום, קינד, אין מיין גאָרטן,
די שענסטע בלומען וואַקסן דאָרטן,
רויטע, בלויע, בלעטער גרין
פול מיט האָניק פאַר יעדער בין.

יונגער מאַן, קום באַרג אַרויף,
אונטן בלייבן מיינט דער סוף.
וועט דער וועג זיין דיר שווער,
דערפאַר דער לוין אַזוי פיל מער.

זיצסט אַליין, אַלטער, די באַנק איז האַרט,
האָט דער באַרג דיך אָפּגענאַרט ?
דיר בלאָזט אַ ווינטל ווינטער קאַלט ?
און דיין זון פאַרגייט אויך באַלד.

## אַ לעגענדע?

דער רייטער האָט דורך נאַכט געריטן,
און די שאָטנס ווי מיט קאָסע געשניטן,
געריטן און געשניטן.

לבנה האָט געהעלט, פראָסטיק קאַלט,
ווינט האָט געבויגן בוימער אין וואַלד
מיט רויען געוואַלט.

דאָס פערד אין גאַלאָפּ ניט אָפּגערוט,—
ווי די ערד וואָלט די פּיס אים געבריט,
פּאַדקאָוועס אָנגעגליט.

דער רייטער אַלץ ווייטער איז ער געריטן,
דעם שטח צעטיילט, איבערגעשניטן,
גיט ער אַ שאָל — צוויי און אַ דריטן.

איז ענטפער געקומען ווי אַרויס פון דער נאַכט,
און איידער טאָג האָט אַן אויג אויפגעמאַכט —
איז שוין געווען צעפלאַקערט די שלאַכט.

דער גואל דער רייטער וואָס האָט זיך געאײַלט,
באַטראַכט איצט דעם שונא, צעשלאָגן, צעקיילט,
כ׳האָב אײַך ניט סתם, אַ לעגענדע דערציילט,

ווייל ניט איצט איז די צייט די בלוטן צו רעגן,
וועגן בערגער מיט פּגרים אויף פּינצטערע וועגן,
וואָס זיינען מיט „האקן-קרייצן” געלעגן . . .

ווער ס׳איז דער גואל, ווילט איר דאָך וויסן?
וואָס האָט אין נאַכט צום שלאַכט זיך געריסן?
געוויסן! וועלטס געוויסן.

אַזוי איז אין וועלטס פּנקס פאַרשריבן.
פון אַ גואל וואָס האָט ממשלות זדון פאַרטריבן.
ס׳איז ניט קיין לעגענדע, ס׳איז ניט איבערטריבן.

## ק אַ מ ף

אַזוי פיל שטערן אין דעם הימל,
מ׳זאָגט אַז מזלות זיינען זיי,
זע איך זיי אַזוי פיל צאַנקען —
און פאַרנעם זייער געשריי.

אַזוי פיל שטערן אין דעם הימל,
מ׳זאָגט אַז וועלטן זיינען זיי,
אַז זיי גייען אין געשפאַן —
און באַוועגן זיך ניט פריי . . .

אַזוי פיל מענטשןליידן הונגער,
מ׳זאָגט אַז שקלאַפן זיינען זיי,
וואָס שמידן אויס זייער שיקזאַל —
און דולדן קלאַסן צוויי . . .

אַזוי פיל ביכער אָנגעשריבן,
איך לייען און פרעג, וואָס זאָגן זיי ?
„אַלץ וואָס אַלט, וואָס פויל — צעפאַלט
און וואָס מ׳בויט, איז אויך ניט ניי" . . .

און די מחנות וואָס כ׳זע קומען,
וואו־אַהין איילן זיי ?
איז עס גאָר ניט אַזאַ חלום ?
בין איך אויך באַלד אין ריי !

## ת ו ך

ווען אַ טרער איז פון מיין אויג געפאַלן,
פון יענע קוואַלן,
און זיך צו שעמען, איז ניט געווען פאַר וועמען;

ווען אַ קללה איז פון מיין מויל אַרויס,
אַ קללה בלויז ! . . .
און זיך צו שעמען, איז ניט געווען פאַר וועמען.

ס׳האָט קיינער ניט געזען, קיינער ניט געהערט,
מסתמא באַשערט.
אין זיך אַליין דעם צער פאַרצערט.

אַ טרער און אַ קללה, נאָך און נאָך,
ביז פון קהל איז געשען דער בראָך,
קהל האָט ניט פאַרשטאַנען דעם תוך. . .

וועלט האָט ניט געוואָלט פאַרשטיין —
אז א פאָלק, אַ יתום קליין,
קאָן ניט תמיד וויינען אַליין.

## מ אַ מ ע ס

צוויי מאַמעס מיך האָבן געבוירן
בין איך זיי ניט שולדיק קיין דאַנק,
סיי דער וואָס האָט מיר קישנס געגרייט,
סיי דער וואָס אין פאַרק אַ באַנק.

איינע האָט מיר דאָס לעבן געגעבן,
די צווייטע מיין מזל באַשטימט,
איינע האָט מיך גיין געלערנט,
די צווייטע דעם וועג מיר פאַרקרימט.

איצט קומט נאָך אַ מאַמע, אַ דריטע:
זי גייט אַזוי נאָענט מיר פאַרביי,
און קוק איך זיך איין אין איר פּנים,
דערזע איך יענע מאַמעס די צוויי . . .

זי האָט אויך באַשטימט שוין מיין מזל,
דורך ראָזשינקעס-מאַנדלען דאָס ליד,
מיין קאָפּ וועט זי אויך פאַרוויגן,
מיר שפּעטער פאַרווישן די טריט.

— — — — — — — — — — — — —

די וועגן די גלייכע, וועגן קרומע,
זיי פירן דאָך אַלע קיין רוים:
קישנס פון פוך, צי ברעטער פון סאָסנע
איין מזל—איין מאַמע—איין היים . . .

## ווי מיין זיידע האָט געלערנט תורה

אין דער פינצטער אַז מ׳קוקט זיך איין
אַנטפּלעקט מען אויך דאָרט אַ שיין;
און צו שטילקייט אַז מ׳הערט זיך צו
באַנעמט מען דעם וואונדער פון דער שעה.
אין אַלץ איז פּלאַן—גוט פאַרטראַכט
ווי דער טאָג, און די נאַכט,
ניט מעגלאַך אַ שאָטן אָן אַ זון —
דאַרף מען לערנען דעם זין דערפון.
גוט און שלעכט זיינען צוויי,
איז מלחמה אייביק צווישן זיי...
יעדער זיפץ גרייכט דעם הימל,
מאַכט עס דאָרט אַ געטומל.
יעדער רשע איז אַ קשיא קשה,
יעדעם בייז איז אַ גרייז,
און פאַר צוריק אַ שפּרייז.
גאָלד און גליק זיינען צוויי,
איז אָפט אַ מחיצה צווישן זיי.
פון יעדן גרעזל, פון יעדן בלאַט,
קאָן דער מענש לערנען פּשט,
פאַרן כלל, און פאַרן פּרט.
שלאָגט דער בליץ, די דעמבע פאַלט,
און פון דונער ציטערט וואַלד,
און אויף ים, דער בייזער ווינט,
זיינען אויך ניט קיינע כוחות בלינד,
ווי אַ שטייגער, דעם רשע׳ס זינד.
אין אַלץ איז תוך, אין אַלץ איז צוועק,
דורות קומען און גייען אַוועק,
נאָר יעדער נייער דור וואָס קומט,
האָט זיין מזל שוין באַשטימט.
יעדע רויז האָט איר דאָרן,
ווי דער הירש דעם האָרן,
דעם פיש באַשיצן שאַרפע שיפּן,
דער לייב פאַרמאָגט שטאַרקע ריפּן,
יעדער בוים האָט אַ קאָרע.
בלויז מענש נאַקעט קעגן יצר הרע.

דערפאַר דאָס לערנען און דאָס קנעלן —
ניט צו בלייבן אויף לעבנס שוועלן;
תורה איז טאַקע בלויז דאָס אויסן,
מענטש זאָל ניט בלייבן אינדרויסן...

## אתה בחרתנו

מיר זיינען א פאָלק אויסגעקליבן,
אַזוי שטייט אָנגעשריבן,
פאַרשידן ?
אידן . . .

אונזער ווי, אַן אַנדערער,
פון אַ וואַנדערער.
אונזער געוויין —
ניט צו פאַרשטיין
איז געמיין !

וויל גאָט א פאָלק שלאָגן,
נעמט ער אונז פּלאָגן,
יאָגן.

וויל א הערשער ס'פאָלק באַטויבן,
הייסט ער אונז באַרויבן —
א גלויבן . . .

אונזער לעבן א צו-להכעיס לעבן,
ס'איבערלעבן, קאָנען זיי ניט —
פאַרגעבן . . .

וועלט און צייט—א ציפער-בלאַט :
מיר, די אייביקע ווייזער,
היפן מיר קיין רגע ניט, אין שעה
דער בייזער.

שלאָגט דער זייגער אוים נאָך צוועלף —
דרייצן... — ווערן צלמים אויסגעקרומט,
האַקן-קרייצן . . .

# ציגיינער און איד

הער ציגיינער!
דו וועסט מיר געבן דיין געזאָטלטן פערד,
וועל איך זיך א לאָז טאָן אויף קיילאכדיק ערד,
כ'בין אויך גרייט דיר צו געבן פון זיך מיין העמד,
פאַר סוד דיינעם; דיין ניט פילן זיך פרעמד . . .

„ניין! כ'וועל דיר ניט געבן מיין געזאטלטן פערד,
ווייל אומעטום איז די זעלביקע ערד,
כ'וועל ניט אומזיסט פון דיר נעמען דיין העמד,
ווייל וועלט אויך פאַר מיר איז אומעטום פרעמד.“

הער ציגיינער!
וועסטו מיר כאָטש אויסלערנען דיין ליד,
דאָס וואָס דו זינגסט ווען דיין נשמה ווערט מיד,
דאָס ליד וואָס מאַכט דיר גרינגער דיין צער,
זאָג מיר וויפיל זאָל איך דיר געבן דערפאַר?

„הער דו איד, דו דאַרפסט ניט מיין ליד,
וועלט איז טויב צו שפּראַך פון געמיט,
און רעד ניט צו מיר מער פון קיין מינץ,
זאָל פרינץ ניט ווערן באַליידיקט פון פרינץ . . . “

הער ציגיינער!
מוזטו מיר געבן דיין אייזן געדולד,
כ'זאָל קאָנען דערטראָגן פאַר אַלע די שולד,
ס'זאָל מיר ניט אָרן זייער קריץ מיט די ציין,
וואָס בייסן די גלידער, טיפער פון ביין.

„הער מיין איד, דו ווילסט שוין צופיל,
די וועלט איז אַזאַ, און אַזאַ איז דאָס שפּיל,
איך בין ציגיינער, און דו ביזט א איד,
אין א וועלט א פאַרשאָלטענע, ס'אייביק ליד . . . “

הער ציגיינער!
גיי איך זיך לאָזן צופוס, ביז כ'געפין,
ווייל אָן אַ שפּאַן ערד האָט ס'לעבן קיין זין,
דו ביזט א ציגיינער, און איך בין א איד,
האַלט זיך דיין פערד, דיין געדולד, און דיין ליד.

„האָב איך קיין פאַרדראָס ניט, וואָס כ'האָב דיר גאָרניט צו באָרגן,
דאָך האָסטו מיין וואונטש, גיי און געפין,
וועל איך ווערן דיין שכן אין א בעסערן מאָרגן,
און האָבן א חלק אין דיין ליכטיקער זון.״

## נקמה

וואָלט טינט בלויז איין טראָפּן,
אין טינטער מיר פאַרבליבן,
דאָס איינציק וואָרט: נקמה,
וואָלט איך אָנגעשריבן.

וואָלט מיך בלויז איין שעה,
נאָך צו לעבן געווען באַשערט,
די שעה פון שונא'ס מפּלה,
וואָלט איך באַגערט.

ווייל אַנדערש וואָלט ס'לעבן,
געווען מיר באַנקראָט,
און צו א דין-תורה —
וואָלט איך גערופן מיין גאָט . . .

קומט ווער, און זאָגט מיר,
„נקמה איז וואולגאַר״ —
האָט ער קיין האַרץ ניט
פאַרן איד און זיין צער.

ווען דער נפש רופט זיך נאָך איד,
זיין זאָל ער צען מאָל פאַרדאַמט!
ער ווי שונא ביידע צוגלייך —
האָבן ס'געמיט און ליד מיר גע'סמ'ט.

# מתן תורה

דער „סני״ בארג האָט זיך א טרייסל געטאָן,
האָט אויפגעציטערט דער ארום־וועלט,
געציטערט האָט דער קעניג־לייב אין וואלד,
ווי די שאָף, אויף פאַשע אין פעלד.

משה איז געשטאַנען אויף דער העכסטער הויך,
אין זיין האַנט די אותיות האָבן געבליצט;
יעדעס אות פאַר דער וועלט אַ שטראַל,
פון גאָט אַליין, אויף שטיין אויסגעקריצט.

נאָר ווען משה נידערט ארונטער פון באַרג,
דערזעט זיין פאָלק אַרום אַ קאַלב אין אַ טאַנץ,
האָט באלד יעדעס אות פון די לוחות —
זיך געבלייכט, פאַרלאָרן דעם גלאַנץ . . .

ווען ס׳גאָלדענע קאַלב האָט אויף צוויי פיס זיך געשטעלט,
האָט ס׳פעבל געשריען „אָט איז אונזער בורא!
גאָלד איז מעכטיג, גאָלד איז הייליק,
גאָלד מאַכט ריין א ממזר, א מצורע.

גאָלד וועט אייביק באַהערשן די וועלט,
גאָלד׳ס געבאָט מוז ווערן געהערט.
פון גאָלד א גאָט, פון גאָלד אַ קאַלב,
איז א גאָט, אַ גאָט און אַ האַלב.״

פאַלן פון משה׳ן די לוחות אויף א שטיין,
און פון הימל הערט זיך א מלאכים געוויין . . .

— — — — — — — — — — — — — —

שפּעטער האָט משה זיך ווידער באַמיט,
ווידער געבראַכט א תורה, וואָס ניט אָפּגעהיט,
און א וועלט אָן געבאָט און אָן פאַרבאָט
רופט תמיד אַרויס דעם צאָרן פון גאָט.

## כחומר ביד היוצר

מיר, דאָס ליים אין האַנט פון טעפער,
פורעמט ער אוים דעם פרינץ און שלעפער,
דעם גוטן און דעם שלעכטן,
דעם בע׳עול׳עטן און דעם גערעכטן ;
און דעם חכם און דעם נאַר,
מיט זייער מעסטל פרייד, אָדער צער

— — — — — — — — — — — —

אַלץ כמעט איז פון ליים.
דער פּאַלאַץ — די קבר־היים . . .
בלויז אין אויג איז צופיל א שטויב,
קליין איז בלויז דער באַרג לויב . . .
ערד איז אויך דער מצבה שטיין,
אין פּראָך צעפאַלט אונזער געביין.

— — — — — — — — — — — —

אויסגעפורעמט ווי די טעפּ.
אויסגעפּרואווט מיט האַמער־קלעפּ,
א חידה, פאַר די קליגסטע קעפּ . . .

## אַ ליד אַזאַ

כ׳האָב דאָס ליד שוין פיל מאָל געלייענט,
און דאָך עס ניט פאַרשטאַנען,
אפשר נאַר איך זיך אָפּ אַליין ?
כ׳וויל פאַרגעסן, ניט דערמאָנען . . .

דאָס ליד איז פול מיט שורות שווערע,
דאָך זעט מען קלאָר וואָס זיי מיינען,
ווערטער הארטע, קיזלשטיינער,
וואָס דורך סקילה ס׳האַרץ פאַרשטיינען.

איז מיר נאָענט יענער דיכטער,
איך וואָלט אויך אזוי געשריבן.
נאָר אַזאַ ליד וואָלט איך פאַרברענט,
דער סוד וואָלט אַ סוד פאַרבליבן.

קען איך זיך שוין מער ניט נאַרן,
ס׳ליד איז מער ווי מיר בלויז באַקאַנט,
ס׳האָט דעם קאָליר פון מיין טרויער,
און דעם ציטער פון מיין האַנט . . .

## פון לבנון בוימער

פון געטאָ חורבות, אַלט געהילץ
וועל איך מער ניט מיין סוכה מאַכן.
זי טאָר ניט מער פון שונא'ס שטורים
אַזוי טראַגיש צוזאַמענקראַכן.
ס'מוז אונזער בנין שטאַרקער זיין,
פאַרוואָס האָבן מיר דאָס ניט באַגריפן?
געגוג געלאָשן אונזערע ליכט!
אין בלוט און טרערן זיך אויסצוטריפן...
פון לבנון ריזן בוימער,
נעמט און שניידט נייע ברעטער,
וועלן פינקלען אייביק אַלע שטערן
דורכן סכך און נאָדל-בלעטער...

## חנוכה ליכט

וועט ניט ציטערן מיין האַנט באַם צינדן די ליכט?
וועלן ניט פאַלן מיינע טרערן געדיכט?
ווען כ'וועל דערמאָנען נסים פון אַמאָל —
נסים צופיל שוין, נסים אָן צאָל.

וועט ניט האָבן א פנים פון חוזק דאָס שפיל?
איז נס דען א קיום, איז נס דען א ציל?
אונז ניט באַשערט פון זיכער די פרייד,
סימבאָלן, רמזים, אונזער קיום באַשייד...

וועט ניט קלינגען הויל מיין הנרות הללו געזאַנג,
ווען האַלב פון מיין פאָלק אין געטאָ געפאַנג?
וועל איך ניט זען זייער גורל אין די צאַנקענדע ליכט —
און ווי אין וואַנזין אויסשרייען, וואָס איז מיין פליכט?!

## „סדום״

געווידמעט אפשר דעם לעצטן דיכטער אין בערלין, דייטשלאנד

ס׳האָבן זיך גלעקער פון קלויסטערס צעקלונגען
און פון פאַרביקע פענער אַ פלאַטער,
פון יעדן פענצטער האָט שמחה געהאָנגעט,
און יעדער שכור—אַ טריבון, און אָראַטאָר . . .

טומעל פון באַראַבאַנען און פון קעסל־פויקן,
שאַלן פון טרומבאָנען און טרומייטן —
האָט פאַר זיג און זיגער אויסגעהילכט —
און דאָס צוטראָגן אין אַלע ווייטן.

ראַקעטן קראַכן מיט געפאַרבטע פונקען
וואָס פאַרטונקלען אין הימל שטערן,
לויפט לבנה זיך אויסבאַהאַלטן—
אַ פאַרשעמטע ניט צו דאַרפן ווערן.

— — — — — — — — — — — — —

אין אַ בוידעם שטיבל אונטער דאַך אַ קרומען,
אַ טיש, אַ ליכטל און פּאַפּיר א בויגן.
אויף וואַנט צוקט אַ שאָטן־פּליייצע,
ס׳געשטאַלט פון דיכטער אַריבערגעבויגן.

דאָס ליכט צאַנקט אויס, פּאַפּיר איז ליידיק,
טויט די האַנט וועט מער ניט שרייבן;
ווען שכינה פון היכל מוז אַנטרונען ווערן —
קאָן דיכטער און ליד דאָרט אויך ניט פאַרבלייבן.

נידערן שוין די פענער, טיף צום טרויער,
פאַרן לעצטן דיכטער, פאַר לעצט געזאַנג;
אין עלנט אַזוי איז ״סדום״ פאַרבליבן —
אין איר לעצטער שעה, ערב אונטערגאַנג.

# די שטאַרקסטע וואַנט

אין „מזרח" לאנד שטייט אַ וואַנט,
זאַפּט זי איין טרערן פּיל,
קומט א דור נאָך א דור —
ניט בלויז זיפצן אינדערשטיל —
נאָר שווערן טרייהייט באַ דער וואַנט,
"אם אשכחך — הייליק לאַנד"!
אין עמק הבכא די געטאָ וואַנט,
ישראל'ס וויי — פעלקער'ס שאַנד!
אויפגעשטעלט פון בייזער מאַכט —
וואָס באַפעלט: "יהי נאַכט!"...
צום מיטל־אַלטער, ווי אַמאָל —
און די וועלט, אַ יאָמער־טאָל.
דאָך ערגעץ וואו שטייט נאָך אַ וואַנט,
ניט געבויט פון מענטשנס האַנט,
ניט פון אייזן, ניט פון שטיין,
און פון איר בליצט ארויס
יעדער פונק, א הייליק אות:
"מיין פאָלק ישראל! וועסט אייביק זיין!"

# נייע טענער

האָט ווער אַנגעקלונגען אין מיין טיר ?
ניין, ס'האָט מיר זיך בלויז אָפּגעדאַכט,
קומט דען ווער אַמאָל צו מיר,
אַ חוץ מיין אומעט טאָג ווי נאַכט ?

עס ליגט פאַר מיר אַן אַלטער בריוו,
איך האַלט אים תמיד אויף מיין טיש,
דער קאָנווערט, ווי שייד פאַר אַ שווער,
סאַי ווי די וואונד וועט בלייבן פריש.

אַ פעדלער שרייט ביי מיר אין הויף,
דעם שאַרפן ניגון ציט ער לאַנג,
צי טראַכט ער איצט פון אַנדערש וואָס ?
און פאַרטויבט עס מיט געזאַנג ? . . .

איך וואָלט פאַר'שכור'ט אים מיט ווייַן,
ס'האָט אַמאָל אַ פריינט מיר וויין געבראַכט,
איז מער קיין טראָפּן שוין ניטאָ,
נאָך יענער — יענער שוואַרצער נאַכט . . .

אפשר נעמען און אַ שפּיל טאָן ?
שטאָט אין שפּיגל מאַכן שפּאַס ?
קום אַהער, מיין האַרץ, מיין פידל,
שפּיל אוים מיין צער, נאָר אָן מיין האַס.

אַך, מוחל, מוחל אויך דאָס שפּילן,
לייענען וועל איך אָט דעם בוך,
„איוב" הייסט דאָס גרויסע ווערק,
האָט ניט געלעסטערט אַזוי ווי איך . . .

דאָך פריער פון אַלץ קומט מיין ליד,
אַך, דו אַלטער — אַלטער נאַר !
ווער דאַרף האָבן דען דיין ליד,
וואָס דו זינגסט פון פיין און צער ?

מאַך איך אויף דאָס פענצטער ברייט,
דרינגט פון לעבן ס'גערויש אַריין :
צייט פרופט אוים נייע טענער,
איר ליד וועט אויך אַנדערש זיין . . .

## אַזוי איז עס

האָט ווער געשאָטן מיט רענדלאך גאָלד,
אויף בלויען זייד, אין העלער נאכט,
צי איז עס בלויז אַ ליעד אַזאַ,
פאַר אַ דיכטער, ווען ער טראַכט? . . .
פון לבנה, שטראַלן בלאַנקע,
זילבערנע נאַכט, אוים מיט גלאַנץ,
העלט עס אויף אין דיכטער'ס שטיבעל,
אויף זיינע ווענט, אַ שטראַלן טאַנץ.
שלייפט דער טרוימער דאַן זיין ליעד,
ס'ליגט גאָט'ס-זאָרג אויף זיין געזיכט . . .
ער דערזעט די קלענסטע פגימה,
אין שיין פון טויזנט ליכט.
— — — — — — — — — —
טרעפט ער מענטשן אין דער פרי,
וואָס כראַפּן דורך די גאַנצע נאַכט,
חוזק ליגט אויף זייער פנים,
וואָס איז באַפינסטערט מיט פאַרדאַכט . . .

## ניטאָ אַזאַ וואָרט

הארץ מיינס, ווי פון אַ בעל-חוב — מאָנסט ביי מיר,
זאָג, מיט וואָס קען איך באַצאָלן? —
מיט וואָרט? — וואָרט איז איצט הילפלאָז, דערנידערט,
ס'גיהנום היינט בלאָס איז געמאָלן.

הארץ מיינס, דו בלוטיקסט — שרייסט פון דער טיף,
„וועלט — ס'איז דיין מזל אַ בלינדער!
אַ מבול פון פייער — קיין תבה ניטאָ . . .
מענטש איז היינט תליון, צינדער."

איז גוט אַזוי, הארץ מיינס, טאָרסט ניט זיין שטום!
צעציטער ווי שברים תרועה;
הנה לא ינום, — וואַך איז דיין וועכטער —
ער היילן וועט רים פון דיין קריעה . . .

## פרעמדע לידער

ס׳איילן זיך שיפן הין און צוריק,
ס׳לויפן אום מענטשן צו זוכן זייער גליק,
אומזיסט זיך ג׳איילט — צו שפּעט ג׳קומען,
מיין מזל אַזאַ — שוין אַוועקגעשוואומען.

ס׳לויפן די טעג, ס׳לויפן די יאָרן,
אַ וועג אַ שווערן אָפּגעפאָרן
קום איך צוריק אַהיים אַ מידער,
פון פרעמדע לענדער, פרעמדע לידער.

דער זעלבער הימל, די זעלבע שטערן,
זיי וועלן אייביק לידער הערן,
צי פון וואַסער — צי פון לאַנד,
פרעמדע לידער — ס׳איז זיי באַקאַנט.

## אידישע מאָטיוון

אויף פּאַרמעט, אַלט פאַרגעלבטן,
צייט האָט שורות שוין אָפּגעריבן,
פרישן זיך אויף פרישע פּיינען,
מיט בלוט אויפסניי אָנגעשריבן.

אין מאָטיוון און אין קלאַנגען,
אין געמיטס שטימונגס-פאַרבן,
וועבט זיך אונזער סוד און גורל,
פון ניט וועלן—ניט קענען שטאַרבן.

— — — — — — — — — —

אויב פאַרגיין, איז מיט דער זון ! . . .
מיט אונזער וויי — זייער שאַנד,
דעם נר תמיד זאָל ניט פאַרלעשן,
קין׳ס בלוט באַפלעקטע האַנט.

## זיי דו איצט דער נביא

ס׳קען אין צייט, ווי אין מדבר־זאמדן—
א דור א גאנצער גיין פארלארן;
עס קען א וועלט אין רויט פארבלוטן,
אזא מבול — האט ניט גאט געשווארן . . .

בויגט סיני דעם קאפ אין טרויער אין טיפן:
ברוכווארג פון לוחות — צעברעקלט, צעפאלן . . .
פון ברענענדע ספרים דעם אש ווינטן צעטראגן —
און ס׳ווייגט איצט קיין נביא אויף מזל פאטאלן . . .

דער דיכטער וואס דארף דור זיינס באזינגען
שטייט ווי פארווירט, הארץ פול מיט צארן;
ווייגט כביכול אויף צער פונם זינגער —
אנטפלעקט ער פאר אים, ווי צו משה׳ן, דעם דארן . . .

זיי דו דער טרייסטער האט גאט אים באפעלן,
זיי דו איצט דער נביא, גיי נעם זיי צוזאמען —
זאל דיר דער סנה׳אישער פלאם טאן באגלייטן,
און לאז ניט א דור געמיט זיינס פאר׳סמ׳ען . . .

## פ אַ ר וו אָ ס ?

ווי פרעמדע גייען מיר זיך פארביי,
גלייך ווי קיינמאל זיך ניט געקענט,
דאך געווען אמאל ווי ברידער,
היינט די פריינטשאפט קויל פארברענט . . .

א דור הפלגה! איז שווער דאס לעבן,
שווער, ווען מ׳קען זיך ניט פארשטיין,
איז דאס א שפיל פארטראכט פון טייוול:
וואס דיין געלעכטער, איז מיין געוויין ? . . .

איז עס אפשר אונזערביידנס שולד,
וואס מיר פארשטייען ניט די צייט?
מיר ווילן דאך איינס און ס׳זעלבע,
נאר די יוצרות האט ווער פארדרייט . . .

# די אַכט חנוכה ליכטלאַך

צינד איך אָן דאָס ליכטעלע איינס,
פאַלט דער שיין אויפן שיקזאַל מיינס,
זינגט געשיכטע מיר אויס אַ ליד —
פון טרויער — טרייסט, מיין געמיט.

צינד איך אָן ליכטעלאך צוויי,
און לאָז מיין דריידל אין געדריי —
פאַרביי לענדער אין גיכן שוואונג,
ביז מ׳באקומט פון גאָט אַ וואונק...

ביים שיין פון ליכטלאך דריי —
גייען פעלקער מיר פאַרביי
מיט כלי זין אין די הענט,
פאַרבלייכטע שאָטנס אף די ווענט...

צינד איך אָן ליכטלאך פיר,
וועלט, עס איז פאַר מיר און דיר,
וואָס מער שיין, וואָס מער ליכט —
ניכער ווערן מיר אויפגעריכט.

פון פינף ליכטלאַך יעדער פלאַם,
אויף יעדן וועלט-טייל — יעדן ים,
וואו מיר בלאָנדזשען צעזייט, צעשפּרייט,
אָן אַ קאָמפּאַס, אין רוים און צייט.

צינד איך היינט ליכטלאַך זעקס,
ווייל צינדן דאַרף איך גאַנצע אַכט,
רשעים לעשן, וואָס מיר צינדן —
צו פאַרטרייבן חושך-נאַכט.

זיבן ליכט וואַרפן אַ שיין —
פון שטוב ארויס, אין דער וועלט-אַריין —
צו באַלויכטן מיט „המכבי״-גייסט —
אין אונזער קאַמף, פאַר דעם אמת דרייסט.

אין דער שיין פון אַכט פלאַמען-כאָר,
ווערן לעגענדעס — חלומות וואָר —
ווערן נסים, פשוט קלאָר —
אין שכינה-שיין, פון אַכט-פלאַמען-כאָר...

## די נאַציס...

ערב דעם "אז ישיר" מיין צאָרנדיק ליד,
דאָס וואָס איך האָב איצט פאַר מיין ביטער געמיט,
ביז ס'וועט זיך צושאַלן ס'נקמה געזאַנג —
איבער דער נאַצישער, פיל-קעפּיגער שלאַנג.
מאָל איך אין דמיון, פון זייער רשעות דאָס בילד —
ווערן תוכחה קללות פאַר זיי נאָך צו מילד...
וועט ערד ניט וועלן דעם פּגר צעפּוילן,
ערד וואָס פאַרוויסט פון זייערע גרוילן.
פייער צו הייליק, זיי זאָלן ווערן פאַרברענט,
דער מלאך המות וועט ניט וועלן פאַרפּאַטשקן די הענט...
אויך דער ים טאָר אומריין ניט ווערן,
דער ים שפּיגעלט דאָך אָפּ נשמות-שטערן...
אויך קיין שטריק זאָל ניט זיין זיי באַשערט —
און אודאי ניט קיין חלף-שאַרף פון שווערד.
סם קען זיי זיס זיין, דער טויט צו גרינג,
דאָס איז דאָך קיין שטראָף ניט פאַרן נאַצישן רינג.
נאָר ווען בייז-ווילד וועט זיך צוּוואָיען דער ווינט
וועלן די נאַציס אַלע, ווי משוגענע הינט —
בייסן און רייסן, פון זייער פאַרשאָלטן געביין —
און עס וואַרפן אין כף הקלע אריין !...

## עם הספר

מיר שרייבן פאַר וועלט ביכער, ספרים,
זיי פאַר אונז ביכער ווייסע, שוואַרץ ווי קברים,
פאַר אונז א תוכחה אויף זייערע בלעטער,
ווי אַמאָל, היינט, און נאָך שפּעטער.
אייביק „בלק", „בלעם", די זעלבע פּרשה,
פאַר לאָדז, ביאַליסטאָק און וואַרשע ;
אפילו דער וואָס מאַכט א רחמנות מינע,
אמת קריסטלאַך, פריי פון שנאָה,
און גיט א זיפץ אויף אונזער מזל האַרטן,
מער קאָנען מיר פון אים ניט דערוואַרטן . . .

## פאַרטאָג

זיין באָרד אין ציטער, אויפן בלאט גמרא,
דרינגט ער אַרויס פון דאָרט די סברה,
אַז יעדער גזרה, יעדע צרה,
איז א כפרה . . .

— — — — — — — — — — —

ווערט דער ענין אָבער האַרבער,
פאַרוואָס גראַד דער פאַרדאָרבער,
גראַד דער רשע, דער בייזער רוח —
זאָל דינען גאָט, ווערן זיין שליח ? . . .

— — — — — — — — — — —

און דעם אידנס בלוט און טרערן,
אַ ים, וואָס קאָן אויסלעשן שטערן ;
אויך די אמונה, אין פשוטן האַרצן,
און דעם הימל גאַנץ פאַרשוואַרצן . . .

— — — — — — — — — — —

צי זיינען מיר בוימער, פאַר העק און זעגן,
וואָס דאַרפן פאַלן, און ניט פרעגן,
בויט זיך ניט אַ וועלט אויף אונזערע ביינער ?
שמע ישראל, גאָט דו איינער !

— — — — — — — — — — —

אל רחמים, נקמות ! פאַר אַלע נשמות,
און פאַר יעדער נשמה באַזונדער
וואָס האָבן אפילו אין גסיסה געוואַרט,
געהאָפט פאַר אַ נס, עפּעס א וואונדער,
אַפילו אין גסיסה געהאָפט און געוואַרט,
גאָט ! ווּעמען מ'האָט דאָס אָפּגענאַרט !

— — — — — — — — — — —

דאָס לעצטע איז געווען שוין, מיט בייזער געזאגט
האָט אַן ענטפער צו דעם דער דרויסן געטאָגט ;
ווען אין הויף דער האָן האָט הויך זיך צעקרייט,
איז ער פאַר שחרית געשטאַנען שוין גרייט . . .

## דער רעגנבויגן

זאָגסטו מיר פריינט, אז ״גראָד איצט איז די צייט,
איצט, ווען די מענטשהייט, אין בלוט איר׳ס פאַרגייט,
אז נאָר איצט דאַרף דער מענטש זיך דערהויבן —
צו דער הויך, פון געלייטערטן גלויבן.״

זאָגסטו מיר, אז ״נאָר אין איצטיקן מאָמענט
ווען די וועלט א געצונדענע ברענט,
און פון געשיכטע די בלעטער פאַרווענדט,
און אלץ וואָס הייליק ליגט איצט געשענדט.״

ווען ניט, זאָגסטו, קאָן ערגער נאָך ווערן,
ספקות אַצינד מיינט אַ שלאַנג דערנערן,
וואָס קאָן צום סוף אַלץ נאָך פאַרצערן,
און — און? וואָס קיין אויער זאָל ניט הערן . . . ״

אמת, פריינט, כ׳אנערקען מיין זינד,
אומגליק דערשלאָגט — צער מאַכט בלינד,
איז שווער צו האַלטן דעם קאָפּ ניט געבויגן,
איז שווער צו זען דעם רעגנבויגן.

פיל איך זיך שולדיק — זינדיק פאַרשאָלטן,
ווי ניט פאַר מיר האָט ים זיך געשפּאָלטן,
ווי ניט פאַר מיר מן איז געפאַלן, —
דאָך, כ׳בין ניט פארלארן, כ׳בין ניט פאַרפאַלן...

## ד י נ אַ כ ט . . .

גוט האָט גאָט די צייט פאַרטראַכט,
ווען ער האָט אָפּגעטיילט טאָג פון נאַכט.
וואָס וואָלטן קאָלירן ווערט געווען,
ווען זיי וואָלט ניט זיין באַשערט צו ווערן געזען?

האָט באלד נאָכ׳ן „יהי אור!״—זאָג
אויפגעליכטיקט מיט זון דער טאָג.
נאָר ווען גאָט אליין וויל באַגיין קענען זיין באַשאַף א זינד —
נעמט ער אַן אויג און מאַכט עס בלינד.
און ווען אַן אויג ווערט בלינד צו פאַרם און פאַרבן,
קען עס אַמאָל דערזען אויך געטער שטאַרבן.

## דער יום הדין

עס וועט קומען אַמאָל דער טאָג,
ווען אוים מיט פאַלשער מאָס און וואָג,
ס׳וועט ערלעך ג׳וויג׳ן און ג׳מאָסטן ווערן,
ס׳וועלן דונערן — ס׳וועלן בליצן,
אויפן הימל דעם גזר אויסקריצן,
ס׳וועלן פאַלן, — פאַלן שטערן . . .

שטערן, וואָס האָבן מיט פאַלשן ליכט
אָפּגענאַרט, און ס׳האָט אָפּגעדוכט,
אַז זיי וועלן אייביק שיינען,
וועט דער טאָג דאַן באַווייזן,
וואָס איז גאָלד, מעש און אייזן,
און פעלשער וועלן וויינען, וויינען . . .

פון דיקע ביכער, ווי דיקע בייכער,
וועט ניט בלייבן צומאָל קיין זכר,
דער אמת וועט זאָגן דאַן זיין וואָרט,
די אַלע בענדער שיינע מליצה,
וואָס זיינען בלויז פינגער־מציצה,
וועלן גיין אויפן גוטן אָרט . . .

ס׳וועלן ברענען באַנד און בענדער,
וואָס ג׳שם׳ט איבער לאַנד און לענדער,
וואָס האָבן אוצרות אַריינגעבראַכט,
נאָר וואויל וועט זיין די געציילטע,
די אין אמת אויסדערווײלטע,
וואָס האָבן ערלעך זיך טיף פאַרטראַכט . . .
בלויז די וועלן איבערבלייבן,

זיי וועט די צייט ניט פאַרטרייבן,
און אויך מיט זיי וועט מען זיך דינגען . . .
בעט איך מ׳זאָל פון אונזערע שירים,
שוינען כאָטש איינציקע שורות.
בלייבן — ווען ניט געזונגען . . .
יאָ, ס׳וועלן זיצן שטרענגע ריכטער,
מיט אויגן בּרעמען נאָך געדיכטער ! . . .

## נייע טרוימען

ס׳איז מיין שיף שוין אָפּגעפאָרן,
שווער באַלאָדן מיט מיינע יאָרן.
אונטער יענע, ווייטע ראַנדן,
וועלן מיינע טרוימען לאַנדן,

אונז וועלן שיידן אייביק ים׳ן.
טרוימען גייען ניט פאַרלאָרן,
טרוימען ווערן ניי געבארן,
נייע טרוימען — נייע שטאַמען...

## פרעגסט

„וואָס וועט ווערן, וואָס וועט ווערן ?
ס׳איז אויפגעגאַנגען דער בייזער שטערן
ווען וועט ער שוין פארגיין ?
ווי לאַנג נאָך וועט בלוט און טרערן—
גיסן זיך אָן אָן אויפהערן,
און אין וועלכן ים פליסן זיי אריין ? ”

און דו פרעגסט: כ׳זאָל דיר זאָגן —
נאָך וועמען דאַרפסטו קדיש זאָגן —
צי נאָכ׳ן מענטשן, צי נאָך די ספרים ? . . .
ביידע מאָנען פאַר א וועלט געשענדטע,
אין מזרח, מערב, צפון, דרום.

דו ווייסט מיין ענטפער דאָך ווילסטו הערן,
ס׳נעמט שוין צאַנקען דער בייזער שטערן,
טאָג נעמט זיך שוין באַווייזן,
אַז ניט דער מענטש און ניט די ספרים —
זיינען טויטע אין די קברים,
און מ׳לערנט: אָבער, שוין אָן גרייזן . . .

## דער אמתער נביא

דער נביא האָט קיינמאָל ניט געצאָרנט,
נאָר געוואָרנט.
ווייל ער האָט תמיד דעם אמת געזאגט —
האָט ער ניט גענעכטיגט דאָרט וואו געטאָגט.

פאַרן אָרימאַן און זיין רעכט,
תמיד איןְ געפעכט.
זיין לוין, א דערנער קרוין,
וואָס פאַסט דעם נביא אַליין.

אין לאַפּטשעס אָנשטאָט שיך,
ער זעט זיי, אָבער ניט בלויז אויף זיך...
אַבי לאָטע מיט לאָטע זיך חברט,
אַבי ס'האַרץ ניט פאַרזשאַווערט.

צי פאַר נאָענט, צי פאַר וויט,
צו יעדער צייט,
וואָס ער פילט דאָס זאָגט ער,
ווען מ'דאַרף פאַרקלאָגט ער.

פאַראַדירט ניט אין קייטן פאַר לייטן,
קומט ניט אויף אייזל צו רייטן,
ניט אויף וויסן, ניט אויף רויטן,
שיסט ניט מיט פראַזן ווי שרויטן . . .

## „רוים״

ווען כ'וועל אַמאָל קומען אין וואַרשע צוריק,
וואָס און וועם וועל איך דאָרט געפינען?
פון קבר אבות צומאָל קיין זכר ניט —
מצבות, קברים, אויך אין רואינען.

צו מיר וועלן בליקן לעכער פענסטער,
וואו דער טויט איצטער וואוינט,
וואו מיינע ברידער אין נקמה קאמף —
מיט קדוש השם האָבן זיך געקרוינט.

אין גאַסן וועל איך אַ פאַרווירטער בלאָנדזשען,
זייערע נעמען זוכן ביי די ראָגן,
מיט מאַמעס געוויין ליד אין זכרון —
וועל איך נאָך שטאָט קדיש זאָגן.

גאַליק, ביטער, וועל איך פרעגן:
לוינט אויף חורבות די צו בויען?
שרייט ניט אויף שטיינער אידיש בלוט —
„קיינעם, קיינעם, ניט מער צו טרויען.״

וועלט, וואָס פאַרשליסט טיר און טויער,
לאָזט יתום אין דרויסן אין בייז געוויטער,
און זאָגן אז זייער הימל איז פול מיט גאָט
ווען זייער הארץ איז לער פאַר רחמנות ציטער.

וועל איך זייער שטער צעשטערן,
ווי אַמאָל מיט שופר יריחו וואַנט,
עס מוז דער וועג מיר ווערן אַ פרייער —
צו מיין היים — צו מיין לאַנד.

פאַר אייך קדושים איז דאָס טרייסט — בשורה,
איך ווער פון מיין שיקזאַל דער בויער,
זון גייט אויף, אויף מיין אידיש לאַנד —
ווען אין שטויב צעפאַלט „רוים״, „טיטוס״ טויער.

# אויפן הויכן באַרג

„ס'געוויין פון א קינד אין מיטן נאכט,
האָט אן עדה אידן אומגעבראַכט."

וואָס גראמסטו, דיכטער, ביזט גערירט
האָט ווירקלאַך אַזעלכעם פּאַסירט?

„ביינאַכט האָט ס'געוויין פון א הונגעריק קינד,
צעטראגן אינדרויסן צום שונא דער ווינט,
וואָס ווייסט א קינד פון זינד, פון מערדער —
נאַצישע הינט?" — — — — —

דיכטער, דיר דוכט, מסתמא וואו געלייענט.
נאָכאַמאָל, ווי זאָגסטו? א קינד האָט געוויינט,
אן עופה'לע האָט געוויינט אין מיטן-נאַכט,
האָבן נאַצים געשאָכטן און גרילציק געלאַכט?

„יאָ, אַזוי האָב איך געזאגט,
פאַר יענע אידן אין קעלער —
האָט שוין קיינמאָל ניט געטאָגט,
און איך? אפשר טאַקע גערירט פון זינען
זוך איך זייערע קברים — קאָן ניט געפינען,
א קינד'ס געוויין אין מיטן-נאַכט,
האָט אן עדה אידן אומגעבראַכט!
אויפ'ן הויכן באַרג, אויפן גרינעם גראָז —
שטייען דייטשן מיט לאַנגע בייטשן!
א טריפה פאָלק זיינען זיי!
פון אידנ'ס פלייש — כשר-זייף מאַכן זיי . . .
אויפן הויכן באַרג!

## די פאנטאם שיף

בלאָנדזשעט א שיף אויפן ים־ראַנד ארום
צו קיין ברעג קאָן זי נים קומען;
באַווייזט זיך אַמאָל ווי דורך אַ טומאַן
און גיך ווערט זי צעשוואומען.

וועבן זיך לעגענדן וועגן איר אַלץ מערער
וואָס איינער קאָן נאָר צוטראַכטן,
דיכטער שאַפן פּאָעמען, באַלאַדן
פון ריטער, פּיראַטן און שלאַכטן.

וויל איינער האָבן אז די שיף איז פון יענע
וואָס פירן קאָנטראַבאנדישע סחורה,
א צווייטער שווערט וואָס ער האָט פון זקנים געהערט,
פאַלט אַזש אָן א פּחד, א מוראַ . . .

איין איינציגער בליק איז דאָך גענוג,
אויף דער פאָן וואָס אויף דער שיף פלאַטערט,
צו וויסן אז זי פירט די רשעים,
די וואָס האָבן זייערע זעלן געפּטרט . . .

ס'טרעפט אויך אַמאָל, אויף דער שיף שטייט א קעניג
מיט זיין גילדערנער קרוין, נאָר אליין . . .
ער האָט זיינע האַפענס פאַר פרעמדע פאַרשפּאַרט,
איז וואַנדער און וואָגל איצטער זיין לוין.

איינער פאַרזיכערט די שיף איז די שטרומאַ,
ווייל דער ווינט ברענגט פון דאַרטן געוויין,
גרייכן די קולות אַזש צום הימל
מיט קללות פאַר אימיצענס געביין . . .

כ'האָב געהערט פון איינעם, אים רופט מען הדיוט,
ער זאָגט, די שיף איז פון אידישן פלאָט,
סיי אויף וואַסער און סיי אויף יבשה,
דער אייביקער וואָגל, מיט די צעהן געבאָט . . .

# מיין הויז

„ווי גרויס איז די טיר —
פאַר אַריין צו דיין הויז?“
ווי גרויס?
ווי א לאָך פאַר אַ מויז . . .

„ווי גרויס איז די טיר
פאַר אַרויס פון דיין הויז?“
ווי גרויס?
ווי ס׳הויז . . .

„ווי גרויס איז דאָס פענצטער
פאַר ליכט אין דיין הויז?“
א לופטשיקל בלויז . . .
די גרויס.

„ווי גרויס איז דאָס גליק
בא דיר אין דיין הויז?“
גליק? א פענעץ, א גענעץ
און אויס . . .

„ווי גרויס איז דיין צער
צו פארלאָזן דיין הויז?“
צער? פאַרן נאַר
בלויז . . .

# אונזער ארמיי

מאַרש מאַרש!
"אונטער דעם דגל, מחנה יהודה,
העלפן מיר דער וועלט, ארוים פון ירידה."

מאַרש מאַרש!
"פאַרשקלאַפן ווילן מיר ניט קיינעם,
מיר ווילן שלום מיט שכנים."

מאַרש מאַרש!
"מיר גייען אַנטקעגן דעם שונא,
מיט קוילן אים צו באַלוינען."

מאַרש מאַרש!
"קול יעקב האָט א נייעם פאַרטייטש,
מיט קוילן וועלן מיר שלאָגן דעם דייטש!

מאַרש מאַרש!
"אונטער דער פאָהן בלוי-ווייסן,
דעם נאַצי מיטן וואָרצל אויסרייסן!"

מאַרש מאַרש!
"אויב פאַלן אין שלאַכט מיר באַשערט,
זאָל מיין בכור אויפהויבן מיין שווערד..."

מאַרש מאַרש!
"דעם ציל פון אונזער בריגאַדע,
פאַרשטייט שוין די וועלט אודאי."

מאַרש מאַרש!
"דער עכאָ וואָס שאַלט צוריק אונזער ליד,
איז דער אמן! פון יעדן אויפריכטיקן איד!"

## ער איז שוין נישטאָ

איך זע אין געדאַנק נאָך דעם דעמבבענעם בוים
אין הויף ביי דער שטוב — אין א גאַס אזוי גראָ;
דער עלענטער בוים — א געשטערעקטער צום רוים —
ער איז שוין נישטאָ.

שטום אונטערן בוים, אויף א מאָכיקער באַנק,
פלעגט זיצן מיין טאַטע א שעה נאָך א שעה,
פאַרטיפט אין אַ ספר, פארחוש׳ט אין געדאַנק —
ער איז שוין נישטאָ.

א חלום פון ווייט האָט געמאַניעט, געלאָקט.
געזוכט אים אין לענדער — היינט דאָרט, מאָרגן דאָ;
און מער ווי דעם חלום האָב איך ניט פארמאָגט —
ער איז שוין נישטאָ.

איצט זיץ איך אליין. כ׳הער א קלאַפּ אין דער טיר
און ס׳פרעגט ווער פון דרויסן זיך אָן, צי כ׳בין דאָ;
און ס׳דאַכט מיר, אז עמיצער ענטפערט פאַר מיר:
ער איז שוין נישטאָ.

## דאָס זיסע געטראַנק

איך צעשייד מיין ליד, אות און אות,
פאַר א צושטייער אין פרוג׳ס "כוס",
מוז דער בעכער שוין פולער ווערן
ניט אויסרינען, ווי ביז איצט די טרערן.

ס׳קאָן געמאָלט זיין, עס זאָל ווערן א שורה,
וואָס זאָל באַזיצן יענע גבורה,
דעם שם המפורש פאַרן ווייסטן גולם,
ער זאָל טאָן דעם ווילן פון בורא עולם . . .

וועט בעכער אַלץ נאָך פול ניט ווערן,
פון שטראמיק גאַל, בלוט און טרערן,
וועט עס וועקן באַ מיר א חשד־געדאַנק—
אַז אימיצער זשלאָקעט דאָס זיס געטראַנק . . .

# אַ פאַרפּלאָנטערטער חשבון

כ׳צייל און צייל, נאָר ווער קאָן איבערציילן ?
נעם איך מעסטן מיט אַ מאָס, ווערן איילן מיילן.
— — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — —

פון תמיד אָן זיינען קברים, איילן פיר,
און דרייסיק זיינען שלושים.
נאָר וויפיל קברים דאַרף איך גראָבן,
איך, אַ כהן, אַפילו פאַר קדושים ?

און וויפיל טיפער איז דער קריעה רים
ווי פון קלייד וואָס כ׳טראָג פון אויבן,
און וויפיל אמת איז פאַראַן אין טרייסט,
און וויפיל קיום, כח, אין אַ גלויבן ?

די געלע לאַטע, כ׳ווייס דעם גזר,
טראָג איך זי אָן ויכוחים,
קומט יעדער מת צו גאָט דערפאַר —
מיט געלער לאַטע אויף תכריכים.

דעקן די געלע לאַטעס צו —
די טיפע וואונדן, רויטע,
און דער מגן דוד — אונזער שטאָלץ,
איז אַ כבוד פאַר די טויטע . . .

און איך, דער קברן, און דער אָבל,
און שבעה מער פון זיבן, —
איז וויפיל טעג, אַ חוץ יאָרצייט, טעג,
איז אין יאָר נאָך פאַרבליבן ?

און וויפיל נשמה ליכט דאַרף איך צינדן ?
וואָלט עס געווען אין מיר געווענדט —
פאַר יעדן קדוש וואָלט איך געלאָשן
גאָט׳ס אַ שטערן מיט מיינע הענט ! . . .

# אויף דער מאַפּע

אָט דאָ מיין קינד וואו כ׳ווייז אָן מיט דער האַנט,
איז אויסגעשפּרייט גאָט׳ס אידיש לאַנד,
עס ליגט וואו עס מאָרגנט דער הימל ראַנד,
וואוהין עס ציט יעדן איד דורות נאָכאַנאַנד.

עס איז אַהינצו אַ לאַנגער וועג,
נעמט עס לבנות און זונען פון טעג,
איבער ימים טרערן אָן אַ ברעג,
אין געלויף פון שונא׳ס געיעג.

ס׳זיינען מיילן אַהין — מיילן אַהער —
און ערשט דערנאָך, נאָך מיילן מער,
און אויף יעדן קער, אַ שטער,
נאָר יעדער שטער שטאַרקט דעם באַגער!...

אָט דאָ, אָט דאָ, וואו זון גייט אויף,
ס׳זיינען טאָלן אַראָפּ — בערגער אַרויף,
און ווען עס דוכט דער וועג נעמט קיין סוף,
וואַקסט אויס דאָס לאַנד פון אויבן-אויף.

# די שפּעטערע דורות

די שפּעטערע דורות וואָס וועלן זיי זאָגן ?
וועלן זיי אונז פאַר דער שאַנד ניט באַקלאָגן,
פאַר אַלץ וואָס מיר האָבן איבערגעטראָגן,
דורך די טעג פון שטורם, פעך און שוועבל,
פון די "היטלער", „מוסאליני" — „געבל".
פון די "קינ'ס" געמיינעם פעבל.
וועלן דורות שפּעטער אונז פאַרשטיין?
ניט פאַרשעלטן אפשר אונז אליין?
ניט פאַרדאַמען ווייל געמיין - געמיין ?

וואָס וועלן דורות שפּעטערע אונז פרעגן ?
איז דאָס ירושה, איז דאָס פאַרמעגן,
וואָס מ'האָט געלאָזן פאַר זייערט וועגן,
שטעדט פאַרוויסטע, חורבות-קברים,
בערגער אַש, פאַרברענטע ספרים,
א לעבענס-שטייגער גייסטיק אָרים ?
וועלן שפּעטערע דורות אונז וועלן פאַרשטיין ?
און ניט פאַרשעלטן אונזער טויט געביין ?

די דורות זיי וועלן אונז מוזן פאַרגעבן,
ווייל ניט איין דור אליין שפּינט אוים דאָס לעבן,
אונז איז דאָס אויך א ירושה געגעבן ...
די מענטש-געשיכטע, ווי אין הימל שטערן,
א טייל פאַרצאַנקן, ס'זאָלן אַנדערע ווערן...
די מענטש-געשיכטע - ווינציק פרייד, ימים טרערן,
די שפּעטערע דורות וועלן אונז מוזן פאַרשטיין
און לאָזן רוען, אונזער מיד געביין...

# אליהו הנביא

די וואָך, זי וואַכט ביי דער געטאָ וואַנט
מיט כלי זין אין יעדער האַנט,
מעסטן אָפּ טריט און טריט,
די וואך זי היט - זי היט
ארײַן - ארויס, גייט קיינער ניט.

לבנה וואַנדערט, העל, פאַרטראַכט,
ליל שמורים, ס'איז סדר נאכט,
באַם שפוך חמתך - שטיל געוויין,
נאָצי שומרים הערן זיך איין,
אידן וויינען באַם טרינקען וויין—

זיי פלוכן אונז דײַטשן אין העברייער שפּראך,
פאַרדאַמטע אידן, צו וואַגן אַזאַ זאַך!
און פאַר וועמען איז טיר באַ אלע אויפגעמאַכט?
ווער קומט צו זיי, אזוי שפּעט אין דער נאַכט?
די וואך איז דאָך וואך, זי האָט דאָך געוואַכט?

פּלוצלונג, דער טויער ברייט אויפגעפּראַלט,
שטייט דאָרט אַ איד, מיט פּנים וואָס שטראַלט,
בלײַבט ווי שטום די וואַך אויף איר אָרט,
ר' איז ענלאַך צו משה, דער איד, וואָס שטייט דאָרט...

— — — — — — — — — — — — —

פון בעכער מיט טרערן און גאַל אין זיין האַנט,
גיט ער אַ גאָס, ווערט דאָס פייער און בראַנד,
שפּאַלט זיך די נאַכט פון געגאָסענעם פלאָם,
שפּאַלט זיך דער גלות, ווי אַמאָל דער ים,
פאַרוואָס נאָר נס אונזער מזל? ווײַם גאָט מן הסתם...

# אמר רבי עקיבא

צוועלף ביינאכט אין חרוב'ער ישיבה,
לערנען קדושים "אמר רבי עקיבא".
אין שיין פון לבנה, שאָטנס זיך וויגן,
צער פון וועלט אין זייער גרויליקן ניגון.

באַלד ווערט א פּלפּול שאַרפע וכוחים,
צי קאָנען יריעות זיין תכריכים? — — —
ציטערט די שטים פון ראש ישיבה,
„תיקו! ניטאָ אויף דעם קיין תשובה."

דערהערט זיך פון ווינקל א מיידעלשער כליפּ,
פאַרבייסט דער ראש ישיבה אַ פאַרבלוטיקטע ליפּ,
קאַמט זיך די באָרד מיט ביינערנער האַנט,
ווענדט זיין בליק צום חריף, באַ מזרח וואַנט.

הערט זיך א ניגון, וואָס זינגט און וויינט,
"זייט מוחל רבי, ס'קאָן זיין א פּשט, וואָס מיינט,
אז נאָר די רויטע, געשענדעטע, יריעה,
וועט דאַרפן זיין דער טלית, פאַר וועלטס עליה . . .

"אמן" האָבן אין א כאָר די קדושים געזאָגט,
באַלד האָט די לבנה, זיך הינטער א וואָלקן געיאָגט,
ווערט ליידיק די חורבה, די אסיפה איז פאַראיבער,
איילן די מתים צוריק אין די גריבער.

# די וואַנט

דער ריטער געפּאַנצערט אין גלאַנציקן שטאָל,
רייט אין פאַראוים א מחנה ריזן אָן צאָל,
ווי מ׳זעט עס אויף בילדער פון די רוימער אַמאָל,
אויף בילדער, נאָר ווילדער . . .

הויך ווי אַ רויך הויבט זיך דער שטויב,
די זון האַלב פאַרשטעלט, בלאַס ווי אַ טרויב —
אָן אויג אַ בלינדס צום מאָרד און צום רויב,
בלאַנדזשעט אין הימל געהויב.

מיט אימפּעט פון בליץ שטורמען די רייטער,
בלאַנקען די שפּיזן בליצנאַפּלייטער
נאָר מיט אַמאָל, קיין שפּאַן ניט מער ווייטער,
קיין שפּאַן, אַ גאָט, איז פאַראַן!

פּייסט זיך אין רציחה באַם ריטער די האַנט —
בויגן זיך פענער טיפער אין שאַנד,
אַ וואַנט איז אין וועג, געשטעלט זיך אַ וואַנט,
אַ געטאָ וואַנט . . .

ניט פון קיין שטיינער — ניט פון ציגל געבויט,
זי וואָלט צעפּאַלן פון פולווער און שרויט,
נאָר אַ ידיעה פון פאַרמעט, נאָר רויט . . .
מיט גזר דעם שוואַרצן — טויט! . . .

שלאָגן איר אָן קוילן, שפּרינגען זיי צוריק,
ריין ווערט דער הימל — זון גיט אַ בליק,
פאַלט דער פאַרהאַנג אויף געשיכטע אַ שטיק,
הערט זיך אָן עכאָ — „גליק!” — — —

אָט אַזאַ וואַנט איז דאָס געווען,
אויף פאַר זינדיקן דור מוז ס׳נס געשען,
בלויז אַ טיראַן קאָן דאָס ניט זען,
ניט זען וואָס אים מוז געשען.

## דער פאַרטיזאַן

דער פארטיזאן, א פשוט׳ער מאַן,
אַ שניידער, אַ סטאָליאר, אַ שמיד, אַ איד,
געקומען אין וואַלד דורך קאַנאַלן, היילן,
דעם גרויל און שווידער דערציילן
און נעמען נקמה פאַר פרוי און קינדער,
פאַר אַלעמען, און פאר יעדן באַזונדער,
אויך פאר שכנים אין גאַס,
צו שטילן דעם מאַקאַבייער כעס.
אַט דער פאַרטיזאַן, פשוט׳ער מאַן,
האָט ניט געטשעפּעט קיין פליג אויף וואנט
האַלט איצט אַ מעסער אין האַנט.
„דאָס מעסער", זאגט ער, "איז טריף.
עס שניידט די מאכערס פון זייף..."
פון דעם מעסער וועט ער זיך ניט שיידן,
עס שיקט די נאַצים אין היטלער׳ס גן עדן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער פאַלאַק קאָן ניט פארשטיין,
דעם איד פון תעניתים-געוויין...
קוקט ער אויף אים און באוואונדערט,
דער איד ציילט שוין נאַצים אַ הונדערט,
אַט דער פשוט׳ער איד, פאַרטיזאַן,
פאַר אים איז אַ צוקונפט פאַראַן!

# דאָס וואָרט

כ׳נידער ניט צו דיר פון הויכן,
כ׳קום צו דיר מיט פּראָסטע רייד:
איך רייד צו דיר ווי דו צו מיר,
נאָענט איז אונזער לייד און פרייד.

ווערטער האָבן סיוועי פליגל,
ווערטער זיינען ניט פון בליי.
ווערטער קענען זיך אויפהייבן,
ווען דער דיכטער לאָזט זיי פריי.

אַריינצודרינגען האָט וואָרט קראַפט,
אַרויסצוזינגען האָט וואָרט קלאַנג.
פעלט עס דיר אין ריכטיק אָרט . . .
קומט עס באַלד מיט געזאַנג.

ווערטער שיינע זיינען וויכטיק
צו באַקליידן אַ געדאַנק.
קומט ווער מיט פּראַזן הוילע —
אַ דיאַגנאָז: ער איז קראַנק . . .

# אומעט

ווער עס האָט מיט אומעט לאַנג זיך גע׳חבר׳ט,
איהם וועט זי שוין דינען שקלאַפיש, געטריי,
וואָס שטאַרקער ער איז געבונדן צו איר,
אַלץ מער פילט ער זיך פריי . . .

פריי אפילו צו דיכטן זיין ליד.
מיט איראָניע פון זיך און באַשערטער,
צו טונקען זיין פעדער אין גאַליק געמיט,
פאַר שפיל, פון געמאָסטענע ווערטער

קומט די צייט און זיי ווערן צעשיידט,
שוין קיינמאָל ניט צו טרעפן זיך ווידער,
אויך דעמאָלט איז ער פון איר ניט באַפרייט,
זי שאָטענט איבער זיינע לידער . . .

פאַלט אַמאָל אויף די לידער אַ טרער,
פון נאַאיווע סימפּאַטישע אויגן,
פאַרנויגט זיך טיף, גאַלאַנט זיין מצבה,
און זי בלייבט שוין שטיין איינגעבויגן . . .

# מיין סימן

פרילינג — זומער, איז ווידער געוואָרן,
פונקט אַזוי ווי אַלע יאָרן,
ס'זאָל דאָס פעלן אַ גרעזל — פעלן אַ בלאַט,
ווי חומש און רש"י, דער אייביקער פשט . . .

נאָר הער איך זיך איין צום געשריי פון דער צייט,
דער שאַרף פון אַ חלף אין האַרצן מיר שניידט.
אונטער פאַרביקע פאָנען, צום טויט מיליאָנען —
קיין זיכערער שפּאַן אויף דער ערד ניט פאַראַן.

ווערט מיר נעענטער-העכער ס'מלחמה געשריי,
ווערן מיינע אייגענע הענט, פּויסטן צוויי.
בין שוין ניט יוצא מיט לידער געזאַנג,
מיט מוזע געזעגנט, און אפשר אויף לאַנג,

קומט באַלד דער ווינטער אין תכריכים געהילט.
דאָס בלוט ווערט נאָך זידן, ניט אָפּגעקילט,
טרויער ווערט סמ'ען פון שלום די פרייד,
קריעה פון האַרצן, דאָך ניט פאַרנייט.

ווערט שווער זיין אַ מענטש, מענטשן צו טרויען,
אַ מענטש טוט צושטערן וואָס הונדערטער בויען,

— — — — — — — — — — — — — — —

אויף דעם ליד האָט מיין טינטער זיך איבערגעקערט
אַ סימן אַז וועלט אַ בעסערע ווערט . . .

# זינגט, פייגעלאַך, זינגט

זינגט, פייגעלאַך, זינגט,
אין פלי זייט איר גרינג,
דער פלאַטער האַלט אייך יונג,
זינגט, פייגעלאַך, זינגט.

ביז ס'וועלן אריבער די גרויסע פרעסט —
האַלט אייך וואַרעם אין אייער נעסט,
קומען וועט דער פרילינג באַלד —
מיט בלויען הימל, איבערן גאַנצן וואַלד.

זינגט, פייגעלאַך, זינגט,
יעדער צווייג אויף יעדן בוים,
איז היים פאַר אייך, און אייער טרוים,
זינגט, פייגעלאַך, זינגט.

זינגט פאַר מיר אוים דאָס געזאַנג,
וואָס דערמאַנט, און ס'טוט אויך באַנג,
כאָטש געטראָפן — שוין פון לאַנג,
ס'איז אויך געווען אַ מין געזאַנג . . .

זינגט באַטאָג, זינגט באַנאַכט,
זינגט מיר אוים וואָס כ'פיל און טראַכט.
זינגט פון מאָרגן, זינגט פון היינט,
זינגט אַריין אין אַ וועלט וואָס וויינט.

זינגט פון זיס, זינגט פון ביטער,
פון אַ זונשיין נאָך געוויטער,
גיסט אַריין אַ טרער אין ציטער,
זינגט, פויגעלאַך, זינגט,

זינגט אַריין אין היינט, דעם מאָרגן,
און דעם סוד וואָס איז פאַרבאָרגן,
עפּעס כאָרכלט, ווי געוואָרגן . . .
זינגט, פייגעלאַך, זינגט.

# גרויל

(געווידמעט מיינע און אַנדערע „געטאָ״ לאַנדסלייט)

טאָג איז נאָך קיינמאָל ניט אַזוי שווער געוואָרן,
איז זון אויפגעגאַנגען רויט ווי אין צאָרן,
מיט ליכט פאַלשן האָט זי טראַציק געשיינט —
אויף א פינצטערן מאָרגן, אונדזער היינט.
אויף פינצטערן מאָרגן, פינצטערן היינט,
דורך נאַכט האָבן די קינדער געוויינט,
פון הונגער געחלשט אין דער מוטערס שויס,
האָט עס געטריבן דעם טאַטן פון דער געטאָ אַרויס.
האָט ער זיך געשלייכט האַרט ביי די ווענט,
זיין אייגענעם שאָטן זען ניט געקענט,
א טרער האָט געגליווערט אונטער זיין ברעם,
זיין גאַנג איז געווען ווי אויף קדוש השם.
פאַר אים האָט געוואַרט א זעקעלע שפייז,
באם פוילישן חבר — פאַרריכט שוין דעם גרייז . . .
איצט איז שוין מער קיין חילוק פאַראַן —
דער שונא פאַרטיליקט דעם איד און דעם פאַן.
נאָר שווערער און לענגער איז דער וועג אים צוריק,
פון אַרום די סכנה שפיזלט זיין בליק,
באַלד זינקט ער אין חלל, אין שוואַרצן הויל —
מענטש האָט דעם טייוול איבערגעשטיגן אין גרויל . . .
הערן די קינדער וואָס די מאַמע דערציילט,
מעשה ברויט האָט כשוף וואָס ווילט,
גלאַנצן די אויגלאך, סליניעט אין מויל
פון בולקעלאך ווייסע, מאַסלינעם ווי קויל.
דער טאַטע איז געגאַנגען, דאַרף שוין זיין צוריק,
דער וועג ניט קיין ווייטער, באַלד בא דער בריק,
איר ווייסט דאָך פאַן סטאַך פון דער פאַ־ראַ־ווער מיל.

— — — — — — — — — — — — —

פלוצים ווערט די מאַמע אַנטשוויגן . . .
שרייען די קינדער אוים צום הימל דעם ליגן,
איז דער הימל ניט קיין חלל — פוסטער הויל,
איז דער ענטפער א קלאָרער „באַנומען דעם גרויל!״

## מיין ליד

כ׳וועל דיך, ליד מיינס, ניט באַצווינגען,
אפשר בעסער דאס ניט זיין?
כ׳האָב אַליין פיל מאָל פאַרשאָלטן —
דעם טאָג וואָס כ׳האָב דערזען די שיין.

דו קענסט אַמאָל דאָך אויך זיין עלנט,
ווי אַ וואַנדערער אָן פריינט,
און מיט זיך טראָגן אַ נשמה —
וואָס וויל לאַכן, נאָר זי וויינט . . .

וועל איך דיך, ליד, ניט אויסזינגען
פאַר אַ וועלט וואָס ס׳קען זיין פרעמד,
און קאַרגט פאַרשטענדניש פאַר יענעמס ליד —
ווי דעם אָרעם לייב אַ העמד . . .

וועל איך דיר קיין תקון געבן,
ניט באַגיין אַזאַ זינד,
בלייב מאָטיוו אין רויש פון צווייַגן —
און ביינאַכט אין פייף פון ווינט . . .

## באחרית הימים

("שטרומא")

„ניט איך בין דער מערדער"
האָט דער ים געשריגן,
כ׳וועל שטורמען און ברויזן,
צו באַווייזן דעם ליגן.

כ׳וועל העלפן די מתים,
זיי שטויסן צום ברעג,
צו שרייען פאַר משפט,
ביזן סוף פון די טעג.

— — — — — —

„ניט איך בין דער מערדער"
האָט דער „מלאך המות" געשריגן,
„כ׳שעכט קיינמאָל אַזוי . . .
כ׳וועל באַווייזן דעם ליגן,

די שטיקער פון מתים,
וואָס וועלן אַרוים אויפן ברעג,
וועלן צונאָגלען דעם שקר,
ביזן סוף פון די טעג".

— — — — — — —

„כ'וויים ניט פון מיין ברודער",
האָט „קין" געשריגן,
ווען אויף זיין שטערן
האָט געפלאַמט דער ליגן.

דאָס מוז אים פאַרפאָלגן
אויף ים און אויף ברעג,
ביז צו דעם חשבון
פון דעם סוף פון די טעג.

— — — — — —

ווען שרעק און צער האָט פון וואַסער געשריגן,
און דער געשריי צום הימל געשטיגן.
און צום „עם אָ עם" איז ניט געשען דער נס,
און דער הימל האָט אויך געשוויגן,
גאָט! איז אפשר אַלץ — אַלץ אַ ליגן ? ! . . .

נאָר ווען דער מאָרגן — מאָרגן-רויט,
האָט בלומען אויפן וואַסער-קבר פאַרשפּרייט,
האָט אַ כמאַרע אַ בייזע די פאַליעס געיאָגט,
און אַ דונער האָט נאָך קדושים קדיש געזאָגט.
הילכט דער קדיש אויף וועג און שטעג,
און וועט ניט פאַרשטומען ביזן סוף פון די טעג !

## ס׳ אַ ל י ג ן

ווען מיר האָט אויף ברויט אויסגעפעלט,
האָב איך פראָטעסט געשריען:
ס׳קען ניט זיין ערגער פון הונגער!
האָסטו געזאָגט: „ס׳איז אַ ליגן".

ווען כ׳האָב אַנטוישט זיך אין ליבע —
און ס׳האַרץ האָט פון ווײ געשריען:
ס׳וועט קיינער מיך שוין ניט טרייסטן,
האָסטו געזאָגט: „ס׳אַליגן".

ווען ס׳האָט גענומען אָפּשטאַרבן מיין גלויבן,
האָב איך פאַרשטומטערהייט געשריען:
ווי קען מען לעבן אָן אַ גלויבן?
אָט דאַן האָסטו געשוויגן — — — — — — —

איך האָב געוואָרט אומזיסט, געוואַרט
אַ טרייסט פון דיר צו קריגן,
נאָר דאָס מאָל האָסטו מיך גענאַרט —
דאָס שווייגן דיינס, אַ ליגן! . . .

## אין בליאַסק אויף טאָג

פאַרגעס ניט מיין האַרץ יעדן ציטער,
ס׳איז קיין באַשייד פאַר ביין געוויטער,
שלאָף איין מיט מיר ביז אינדערפרי,
ביז זון גייט אויף אין מאָרגן־גלי
און אַלץ וואָס שרעקט דיך אין דער נאַכט —
פאַרטרייב! ס׳זאָל ווערן ניט געדאַכט.
— — — — — — — — — — — — —
אין יעדער שפּעטער שווערער שעה,
קלאַפּט אין פענצטער אַ שוואַרצע קראָ,
וואָס פליגלט שוואַרץ דורך וויסטן וועג
און זאָגט דיר פאָראויס שוואַרצע טעג,
אין בליאַסק אויף טאָג, דורך זעלבער שויב
וועסטו דערזען אַ ווייסע טויב! . . .

## ש ט י מ ו נ ג ע ן

מיינע פליגל־זעגל שיפלעך
האָבן זיך אַוועקגעטראָגן
צו די ווייטע האָריזאָנטן —
וואו וואָלקנס שווערע יאָגן.

מיינע חלום־ווייסע שיפעלעך
זיינען ווייט אַוועקגעשוואומען.
וואַרט איך אויף אייך אומזיסט —
איר וועט צו מיר ניט קומען.

צייל איך איצט די שטיקער ברוכוואַרג
וואָס צום ברעג דערשוואומען.
קאַפּיטאַן, שיקזאַל מיינער —
פאַרוואָס מיך אויך ניט מיטגענומען ?

## צום נייעם יאָר

אַוועק איז אַ יאָר צו יענע יאָרן,
שווער דעם וועג אָפּגעפאָרן,
משופּע בערג — טיפע טאָלן,
די ביינער אַזוי צעשאָטן, צעמאָלן.

אַוועק איז אַ יאָר צו די שוואַרצע יאָרן,
ניט דערגאַנגען, ניט דערפאָרן,
דער מדבר לענגער — לענגער,
דער הימל, בייזער, שטרענגער.

אויף קאַלענדאַרן צוויי טויזנט יאָרן,
וועלט האָט חשבון פאַר אונז פאַרלאָרן,
אויף ים — יבשה, אלע חרוב'ע וועגן,
שטייען מיר און פרעגן — פרעגן.

וואָס ברענגט דאָס יאָר אונדז, דער מאָרגן ?
וויפיל קיום כח איז אין אונדז פאַרבאָרגן ?
ליגט אין אונדזער פרעגן אַזוי פיל בטחון
מוז זיין דער ענטפער : „ענדלעך נצחון".

# ווינטער

איינגעשפּאַנט שוין איז מיין שליטן,
צום גאַלאָפּ אויף בלאַנקן שניי;
גלעקלאַך שאַלן זילבער־טענער —
אויסגעכישט מיט פרייד געשריי.

שליטל זיך אין ווייטן נעכטן,
אין ווייסן בלוי לבנה־שיין;
זאָל חלום זיך ציען לענגער —
אזש ביז אין שפּעטן טאָג אריין.

צינדן שטערן זיך וואָס גרעסער,
דורך העלער נאַכט אין הימל הויך;
הימל־ים איז פול מיט פּערל —
פאַר גאַנצער וועלט, און פאַר מיר אויך.

גאַלאָפּ, גאַלאָפּ, צום טאַקט פון בייטשן,
פאַרביי בוימער קנאָספּן שניי,
איז דאָס ווינטערס שפּעטער בליאונג —
אין דעצעמבערס ווינטער מאַי?

ס׳נעמט שוין גרויען אויף די שויבן,
בין שוין צוריק פון ווייטן וועג;
קראָען, קראָען, מיינע טויבן —
שווארץ באַפליגלען מיינע טעג . . .

## לידער צווייי

צו ווינציק ליכט אין וואַנדער וועג,
דער צופאַל איז דאָך אויך האַלב בלינד,
לייענט מען נאָטן מיט די פינגער,
און יעדער טעות מיינט אַ זינד . . .

זינגט יעדער אוים זיין ליד פאַר זיך,
ווי ס'זינגט זיך אוים דער טאָג און נאַכט,
נאָר לבנה שיינט אויף מצבות גלייך,
צי מען האָט געוויינט — צי געלאַכט.

## געדאַנקען

געדאַנקען, זיי קומען ווי טויבן
באַפליגלט פאַר הויכן צו פליען,
זיי ברענגען אַמאָל בלומען שוין רייפע —
און קנאָספּן וואָס דאַרפן נאָך בליען . . .

זיי קאָנען אויך זיין ווי וואַסער גאָר פלאַך —
פאַר בלויז קליינע זעגלען צו שיפן,
אַמאָל זיינען זיי ימים אין שטורם
פון וואו עס לאָקן די פערל פון טיפן . . .

געדאַנקען אַמאָל קומען ווי כמאַרעס —
מיט מרה שחורה געשפּונען.
קאָנען זיי אַ זון אינגאַנצן פאַרהילן
אַז מ'זאָל זי שוין מער ניט געפינען.

געדאַנקען ניט תמיד קומען פון אויבן —
דורך בליצן געטעמפערט, געלייטערט,
זיי קומען דאָן זינדיק און מיט אַ שטראָף
פאַר דעם, ווער פון גאָט זיך דערווייטערט . . .

## אונזער „תמות-נפשי" בריגאַדע

כ'בין געשטאַנען ביים וויגעלע פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט —
וועלט אַ גאַנצע, האָט עס באַוואונדערט,
זון איז געשטאַנען אינדערמיט הימל,
האָבן טאָג-חלומות זיך געוועבט, ווי אין זיסן דרימל.
אין פראַנקרייך זאָלאַ און זשאָרעס
האָבן עס אַ נאָמען געגעבן פּראָגרעס —
אין ענגלאנד האָט קראָפּאָטקין נביאות געזאגט,
אַז: אויך אין לאַנד פון די צאָרן שוין טאָגט —
אין דייטשלאַנד האָבן ליבקנעכט און בעבל
געזען משיח'ן אין דייטשישן פּעבל . . .
ניטשע מיט זיין משוגענער תורה —
איז געוואָרן ביי אידן אַ גאַנגבאַרע סחורה.
אונזערע באַבערדעלטע, באַברילטע פילאָזאָפן
האָבן על פּי דיאַלעקטיק מיטן פינגער אין הימל געטראָפן . . .
פון ווין אַ איד, זייער ענלעך צו משה'ן,
אויך ער האָט דערזען דעם סנה, דעם דאָרן,
דעם אייביק ניט-אויסגעברענטן אַנטיסעמיטישן צאָרן.
זיין אַלט-ניי ליד האָט קיין צענטער איד ניט געהערט.
האָט געאַרבעט מעשים אין אייראָפּע'ס גושן.
מעגלעך דאָס האָט אויך משה'ן פאַרצערט . . .

— — — — — — — — — — — — — —

וויקלען זיך קינות, מגלות, שווארץ, לאַנגע פון מיילן,
איך האָב ניט דעם כח אַלץ צו דערציילן.
ס'וועט קומען אַ דיכטער ניט פון די ליאַדע,
וועט אין שוידער וועלט הערן אַ עפּיק-באַלאַדע —
פון אונזער תמות נפשי בריגאַדע . . .

## טויטער יודל מיטן פידל

טויטער יודל מיטן פידל
טויטער בערל מיטן באַס,
שפּילט מיר אַ קדיש לידל,
אויפן מיטן גאַס.

אַ גרויסע קאַפּעלע זיינען מיר געווען
געבליבן איז ניט קיין איינער.
אונטער יעדער געטאָ־חורבה—
ליגן אונזערע ביינער.

טויטער יודל מיטן פידל,
טויטער בערל מיטן באַס.
נקמה גייט אַ הוליע טאָן —
אויף בערלינער גאַס.

שטעכיק שיינען וועט זייער זון,
די לבנה קרענקלאַך בלאַס,
ס׳וועט קיין פריילאַכס זיך ניט הערן
—טויזנט יאָר, אויף „מיכלס" גאַס.

וואַרשע איז "יודן ריין"
אזוי אויך לאָדז און לובלין,
משוגע וועט דער דייטש איצט לויפן,
און ניט וויסן וואוהין!

טויטער יודל מיטן פידל,
טויטער בערל מיטן באַס,
שפּילט דעם דייטש אַ גסיסה־לידל
אויף בערלינער גאַס!

## שמידט און זינגט

שניי אויף באַרג איז שוין צעגאַנגען,
פליסן שטראָמען מיט געזאַנגען,
פריי פון ווינטערס, שלאָס און ריגל,
טייך ווערט הימלס זילבער־שפּיגל.

טייעט ערד אויף מיט געזאַנגען,
זי איז אויך געווען געפאַנגען,
ס'וועט מער קיין שונא אין זיין צאָרן,
רויבן, ברענען, איר ווייץ און קאָרן.

קום איך מיט ליד, דאָס אַלץ באַגריסן,
געווען מיין האַרץ פון צער צעריסן,
ווען פון טראַקטאָרס געוואָרן טאַנקען,
און אין דער זון שווערדן בלאַנקען.

זאָל שווערד און טאַנק מער זיך מערן,
ווי זאַמד ביים ברעג, אין הימל שטערן,
וועט דאָס נייע ליד געשאַפן ווערן,
נאָר אָן צער, בלוט און טרערן.

שמידט־זשע פּליסיק, טאַנקען־שמידער,
נאָר זינגט דערביי טראַקטאָר־לידער,
וועלט — ווי שיף — דאַרף אַ רודער,
שמידט אים אויס, מיינע ברידער!

שמידט אָן ספק, רויט־שטאָל און אייזן,
וועט דאָס וואונדער זיך באַווייזן,
נאָר זינגט דאָס ליד פון אַקער־אייזן,
מ'וועט דאַרפן וועלט גלייך באַשפּייזן...

## קיין דריטן

אונזער חוב בא דער וועלט, ווי מיט קרייד אָנגעשריבן,
האָט וועלט געמעקט און געמעקט, ביז גאָרניט פאַרבליבן.
גאָרניט פאַרבליבן, בא קיינעם צו מאָנען,
וועלט האָט פיינט איר בעל חוב צו דערקאָנען.

סיי פון סיני, סיי פון קרייצן,
בלייבט מיין גורל נומער דרייצן.
ווי אָנגעצייכנט דורך די שטערן,
אָפּגעמעקט ניט צו קאָנען ווערן.

שטיי איך ווי שיילאָק מיט מיין טענה,
און שלאָג די וועלט מיט — הושענא
כאָטש נעם און גיבט איר א גאָט א דריטן,
וואָס זאָל פון רשעות זי אויסהיטן . . .

וועל איך איר מער קיין גאָט ניט געבן,
זאָל אַן אַנדער רבי זי לערנען לעבן.
כ'בין שוין מוחל אירע לוינען,
גענוג געטראָגן דערנער־קרוינען.

ניט געבן וועל איך איר א גאָט א דריטן,
ס'זאָל איד דער לעצטער ניט פאַרבלוטן ! . . .

## איבער די גרויליקע צייטן

ס'הענגט אויף דער וואַנט אַ שטומער מיין פידל,
ווי אַמאָל אויף ווערבע בא די טייכן פון בבל,
זינקט מיין קאָפּ טיפער און טיפער —
אינם צער פון יתום — אין צער פון אבל.

הער איך זיך איין צום האַרצן מיינעם,
ווי עם יזכורט אינדערשטיל נאָכאַנאַנד —
דוכט זיך מיר אוים ס'באַגלייט זי מיין פידל —
וואָס ציטערט אין שימער דאָרט אויף דער וואַנט.

דערהער איך אויך באַלד דאָס שפּילן פון שכנים,
אויך ניט קיין „אז ישיר" פון צימבלען און פלייטן,
דאַן וואונדער ! ס'ווערט פון מיין בויגן אַ שווערט —
מיט שטאָלענער שאַרף פאַר די גרויליקע צייטן . . .

## משה נאַדיר

סיי ווען דער ווינט רייסט־אָפּ אַ בלאַט פון בוים,
סיי ווען ס׳פאַרלעשט אַ שטערן זיך אין רוים,
סיי ווען ס׳גייט־אויס דער שמיד פון וואָרט און פערז —
ס׳איז אַלץ איין טאָן אין ליד פון אוניווערז.

וואו גייט דער גייסט פון מידע ביינער?
דאָס ווייסט ניט איינער און ניט קיינער;
און וואָס מער שליסלען צו די שלעסער —
אַלץ טיפער ווערט דער סוד און גרעסער.

צי איז דער מענטש דען בלויז זיין נאָמען —
אַ נאָמען פאַר מצבה־שטיין?
אַ פונק בלויז, צי אַ הויפן זאָמען,
צעזייט אין אייביקן פאַרגיין?

דו מייסטער־זינגער, דו — אין ווערטער־שפּיל
האָסט דו געפונען פרייד און צער און ציל;
דו האָסט פון אייגענעם געוויין — געלאַכט
און לאַכנדיק די אויגן צוגעמאַכט.

## אַזוי איז עס

ווי דעם דור, וואָס לעבט אין אַ צייט
ווען דער דיכטער ווייס ניט וואָס צו זאָגן—
זאָל ער ברייננגען טרייסט דורך זיין וואָרט —
צי אַליין זיך זעצן קלאָגן?

וואָס טוט אַ פויגל ווען שטורם ברעכט אויס
און צערייסט נעסטן אין די צווייגן?
פּיפּסטשעט ער אויס אַן איכה־געוואַלט,
אָדער שליסט ער די אויגלאַך אין שווייגן?

ווי דעם דיכטער, טויזנט מאָל ווי!
ווען ער הערט דיכטער בלויז פּלאַפּלען.
זיי האָט דער גרויל ניט דערגרייכט,
אין אויפשטייג פון העכערע שטאַפּלען . . .

## שושנת יעקב

אונזערע רויטע רויזן אויף די קברים,
פון קדושים און פון ספרים
געוויגט צום טאַקט, פון ווינט'ס תרועה, שברים,
„שושנת יעקב."

אין די וועלדער, יונגע קינדער,
אויסגעשאָכטן, ווי שאָף און רינדער,
רויט דער שטראָם, מורמלט אין תהום,
„שושנת יעקב."

צווישן פלאַמען פון געטאָ ווענט,
מיט ארים כלי זין אין די הענט,
אונטער פאָן, ווייס-בלויע פארבן,
האָבן געוויזן, ווי אזוי צו שטאַרבן . . .

רויטע רויזן אויף די קברים,
זיפצט דער ווינט: „תרועה, שברים,"
און עס מאָנט, און באשווערט —
מיר זאָלן זיין די קרבנות ווערט . . .

## יום כפור אין די וועלדער

וועט געשיכטע אמאָל דערציילן—
פון א יום כפור אין די היילן ?

קיין נשמה ליכט האָבן ניט געברענט
נאָר צום הימל געשטרעקט דאַרע הענט.

יעדער אבל-יתום — א בעל תפילה,
"ממעמקים קראתי", נאָר א שטילע נעילה.

מ'האָט ניט געטאָרט העכער זאָגן,
ווינט זאָל צום שונא ניט דערטראָגן.

מ'האָט ניט געטאָרט אפילו שופר בלאָזן
פאַרן אָפּפאַסטן פון וואַלדס ווילדע גראָזן.

איבער טרערן געוואונשן לחיים,
און האַרציקן "לשנה הבאה בירושלים"!

## עצמות יבשות

טרוקענע ביינער,
צעשאָטן, ווי שטיינער,
שטייט אויף פון יאָמער־טאָל,
נעמט אָן געשטאַלטן,
פון פאָלק יונג־אַלטן,
ווי איר זיינט געווען אַמאָל.

נעמט אייך צוזאמען
פון אבות די שטאַמען,
איבער וועלט צעזייט,
ס׳טאָר ניט קיינער פעלן,
מ׳וועט אונז ציילן,
באחרית הימים צייט.

נעמט אייך צוזאמען,
פון איבער די ימים
גיט אייך, ברידערלעך, די האַנד,
ווייל נאָר אין שלום
קאָנען מיר בשלום
קומען צוריק אין אונזער לאנד.

נעמט אייך צוזאַמען,
איין גורל — איין מאַמע,
איין בלוט — איין געביין,
וועלט האָט אונז געפייניקט!
אין דער אייביגקייט אריין.

# ,,פעגאזוס''

(טשערניכאָווסקי עלעגיע)

ווען ,,פּעגאַז" דער מוזע'ס באַפליגלטער פערד,
וואָס טראָגט דעם דיכטער הויך איבער דער ערד,
האָט פלוצים דערפילט רייטערס לויזן שפּאָר,
האָט עס באַדייט דעם זינגער'ס אָפּגעשניטענע יאָר.

קוקט "פּעגאז" צום מערב, וואו ספּאַרגייט די זון—
דערמאָנט עס דעם דיכטערס לעצט ליד דערפון.
נעפּלט דער טרויער דעם שיין פון פעגאז בליק,
זינקט עס דעם קאָפּ — בליקט אויף צוריק.

צוריק צום שליאַך, דעם אָפּגעלאָפּענעם וועג,
צו וויזיעס פון נעכט און שאָטנס פון טעג,
געיעג נאָך מאָמענטן, פון טרויער און פרייד
פּאַר רגעס באַזינטע, פון אייביקער לייד . . .

דער וועג וואָס געווען איז שווער, מדבר לאַנג,
נסיון אלץ שטאַרקער, וואָס העכער דער ראַנג . . .
צו ווערן געלייטערט אין אייגן געזאַנג,
דערזינגען דאָס לעבן ביז אונטערגאַנג.

"פּעגאזוס" הויבט העכער אויף דאַן דעם קאָפּ,
און לאָזט זיך אין וועג אין גיכן גאַלאָפּ,
צו זוכן א יורש, און ווען עס געפינט,
אויך ער באַלד אַ מידער פון זאָטל פאַרשווינדט...

# דער חלוץ פון תל־אביב

גיך און גיכער, ווי פייל פון בויגן
איז ער איבער וואָלקנס געפלויגן
פאַר אים האָט געפייפט א ליד דער ווינט,
"מיר וועלן שלאָגן די נאַצישע הינט."

קיין פחד אין האַרץ, פאַר דער סכנה,
ווי דער הימל, אַן שטערן — לבנה,
אַ מאַרש, דאָס גערויש פון מאַשין
וואָס טראָגט טויט, צו האַמבורג, בערלין.

פייפט ער מונטער דאָס זעלביקע לידל,
וואָס ביים טראַקטאָר און רידל,
ווען גערייניקט די ערד פון שטיינער,
"אונזער לאַנד רויבן וועט קיינער."

נעבן תל אביב, דאָרט פאַר אים וואַרטן,
פאַראַקערט זיין פעלד און גאָרטן,
מוז ער זיך איילן — איילן אַהין — — —
פאַרניכטן דעם שונא, דאָרט, אין בערלין.

אויך ס'געזאַנג פון פרוי און זין,
הערט ער אין גערויש פון מאַשין,
ער זעט זיי צווישן גאַרבן אין פעלד,
שטאָלץ אויף אים, דעם חלוצישן העלד:

שפאַנט ער איבער געפערלעכע מיילן,
ער וועט קומען צוריק צו דערציילן,
טאָמער, חלילה, איז אים ניט באַשערט?
איז דאָס לאַנד זיינס, אויך דאָס ווערט!

פון "האַמבורג", "בערלין" שוין א תל,
פון די נאַצים געשונדן די פעל,
א גואל הדם, אויך פאַר אידישע טרערן,
פון תל אביב, קיין תל וועט שוין ניט ווערן!

# אם אשכחך

כ׳שטיי באַם שפּיגל און איך זוך,
מיין אייגן פּנים צו דערזען,
מיין האַרץ איז אין אַ ציטער,
פאַר דאָס וואָס מיר איז געשען.

אין מיינע אויגן, אַ פייער גלי,
איז אָנגעצונדן בלוטיק, רויט,
מיינע הענט ביילן, פויסטן צוויי,
און ליפּן מורמלען: דעם שונא אַ טויט.

קוק אויף זיך און דערקאָן זיך ניט,
כ׳בין ניט דער זעלביקער, וואָס נעכטן,
היינט קאָן איך אויך שטיקן, ווערגן
גאַנצע מחנות, ווי זיי, אויסשעכטן . . .

שטייגט מיין כעס אין מיר נאָך גרעסער
בלויז דערפאַר, וואָס כ׳בין אזוי געוואָרן —
דאָס אַליין שרייט פאַר נקמה,
ס׳גיט אַ רעכט צו שטילן גערעכטן צאָרן.

גיב איך באַם שפּיגל זיך אַ שבועה,
אם אשכחך, נאַצי־לאַנד,
זאָל איך אַליין פאַרגעסן ווערן,
ניט בלויז בא מיר, מיין רעכטער האַנט.

# מאין יבוא עזרי

כ'הויב מיינע אויגן צו די בערגער,
ווייל עס ווערט מיר ענגער, ערגער,
כ'זוך פון וואו די הילף קאָן קומען,
אויף דעם קיום, פון זיין ליבן נאָמען . . .

פון לאַנד, וואַסער, אויף אַלע וועגן,
פון די פאַרטן, אויף ימים ברעגן,
מיין מן המצר, דורך בלוט און טרערן,
זעט ניט קיינער, און וויל ניט הערן.

האָב איך, וועלט, פאַר דיר אַ וואָרט אַ האַרבן,
כ'האָב געלערנט דיך לעבן, דו מיך ווי צו שטאַרבן
איז אוים דער משפט, אוים דיך פאַרקלאָגן,
ווען מיין וידוי מיינט, נאָך דיר קדיש זאָגן . . .

# מיין שכן

מיין שכן אויף יענער זייט וואַנט —
איך הער ווי ער שפּאַנט און ער שפּאַנט,
אַמאָל גיך, מיט אַ שטילן געבֿרום,
נאָר מיינסטנס — פּאַמעלעך און שטום,
אַזוי שווער, אַזוי שטום ווי די וואַנט,
וואָס טיילט אונדז פֿאַרנאַנד.

אַ מעשה דערציילן די טריט,
נאָר צי איך פֿאַרשטיי, אָדער ניט —
איך ווייס, אַז זיין איטלעכער שפּאַן
איז אַ שורה אין לעבנס־ראָמאַן,
וואָס מיין שכן פֿאַרשרייבט מיט די טריט
אויפֿן דיל, אין דער וואַנט, אין געמיט.

מיין שכן אויף יענער זייט וואַנט —
נאָר ער שפּאַנט, נאָר ער שפּאַנט, נאָר ער שפּאַנט,
ביז שפּעט אין דער נאַכט, ביז באַגין —
אַהין און אַהער און אַהין —
ביז כ׳וועל הערן זיין לעצט־לעצטן שפּאַן
און וויסן: דער סוף פֿון ראָמאַן.

# משה — מאַרצעל

צי וועל איך די מעשה דערציילן אין פּראָזע,
צי אין קורצינקע שורות, אין גראַמען,
אַלצאיינס מוז איך טונקען מיין פעדער אין בלוט,
אַלצאיינס וועלן געמיטער אויפפלאַמען.

ווער מען מיך פרעגן צו וואָס עס דערמאָנען,
צו וואָס רוף איך מתים צום לעבן?
זיי קאָנען דאָך סיי ווי אין קברים ניט רוען,
ס'קאָן בלוט דאָך די זינד ניט פאַרגעבן.

ס'געווען ערשט ניט לאַנג, בלויז צענדליקע יאָרן.
אזוי הויבט זיך אָן מיין דערציילונג, —
אַ שניי — ווי אין ווינטער — איז תמוז געפאַלן,
ס'האָט דעם טייוול פאַרגלוסט זיך פאַרווײלונג.

פון קישענס דער פוך האָט אין לופט זיך געטראָגן,
ווייל ס'קאָן דאָך ניט שנייען אין זומער,
ס'קאָן גיכער אַ דור פאַרבלאָנדזשען אויף וועגן,
ווען נאָר חלילה דער שליאַך איז א קרומער.

באַרגט מענש אוים ביים טיגער די קלאָען,
און באַצירט דעם קאָפּ זיך מיט הערנער,
מוז ער נאָך בלוט פון זיין מין שוין דורשטן,
ווייל ער האָט געפרעסן די סם'איקע קערנער.

א בלעטל געשיכטע, אמת — א שוואַרץ, —
בלייבן יתומים און קברים —
צי איז דאס א טרייסט — מ'ווייסט פון וואַנען,
ווי עס דערקלערן געלערנטע אין ספרים.

געווען איז א ברית, ביי א אידן א פרומען,
באלד טאַקע נאָך די פינצטערע צייטן, —
זיינען געקומען פיל פריינט צו דער שמחה,
פון אַרום און אַרום, און פון ווייטן.

דער מוהל, דער סנדק, געמאכט שוין די ברכה,
ס'הייסט משה, דאָס געאידישטע קינד, —
אין דרויסן דער הימל האָט זיך פאַרצויגן,
א פאַרהאַנג — א וואָלקן, שוואַרץ ווי זינד.

אין אַלקערל, א זייטיקס, אויף קישנס שניי ווייסע,
די מוטער אַ צאַרטע, אַליין נאָך אַ קינד,
איבער איר אויף וואַנט, דער שיר המעלות פלאַטערט
די הייבאַם מיינט, אַז דאָס איז דער ווינט.

זי מורמעלט א תפילה — "גאָט זאָל אָפּהיטן
אין קינפּעט אלע אידישע טעכטער" —
דער שיר המעלות פלאַטערט נאָך מער,
דער טייוול דאָרט פּלאַצט שיר פון געלעכטער.

בדמיך חיי, איז געוואָרן א קינד געאידישט, —
די מוטער, זי הערט פון הימל דאָס ליד...
מורמעלט זי שטיל אוים, ווי א לעצט געבעט —
"געלויבט זיין נאָמען, אַבי כאָטש אַ איד" . . .

גייען פאַריבער יאָרן און יאָרן,
דער יתום, ער גייט נאָך אין חדר,
שוועך קומט אָן דעם רבי'ן דער לימוד —
ער שעלט אים, און שלאָגט אים כסדר.

דער רבי אַן אכזר — א איד א בעל גוף,
שלאָגט אים מיט פויסט און מיט רימען.
א יתום אַ רונדער — אָן טאַטן, אָן מאַמען,
מיט טענות וועט קיינער ניט קומען.

משה פארשווייגט עס, ביז ער ווערט עלטער,
דער רבי קריגט מורא אים צו שלאָגן,
ער רופט אים גאָר "מארצעל", "משה" אויף גויאיש,
אַ גוי נאָר קאָן פויסטן אַזעלכע פאַרמאָגן.

א חבר אַ גוטער מיט אלע חברים,
זיי אַרט ניט וואָס ער קאָן ניט לערנען,
אין גוטן ער גיט זיי אַוועק די נשמה,
נאָר חלילה ווען מ'זאָל אים דערצאָרנען —

די אויגן זיי ווערן ביי אים ווי אַ גזלנ'ס,
אין פנים זיך צינדן די בלוטן,
ווייס ער ניט מער וואָס איז רחמנות,
ער וואָלט א חבר מיט מעסער געשניטן.

דאָך ס'דויערט ניט לאַנג, זיין כעס איז פאַראיבער,
ער בעט מיט חברים זיך איבער;
זיין מאַמע'ס שמייכעל דערשיינט אויף זיין פּנים,
און ווערט צוריק שוין א חבר א ליבער.

עס גייען אַוועק די יאָרן פון חדר,
אים ווערט שוין דאָס דרייצנטע יאָר,
פון אים קיין רב וועט שוין סיי ווי ניט ווערן,
און צו מלאכה האָט ער ידים א פּאָר.

עס זאָגן די גויים און גלויבן באמת,
אז צו מלאכה קאָנען אידן ניט טויגן,
"אידעלעך זוכן נאָר לייכטע פּרנסות
און פון גויים דאָס בלוט אויסצוזויגן."

אָן ענטפער צו דעם גיבן די אידן,
און גרינדן שולן פאַר פאַכן,
וואו אידישע קינדער לערנען מלאכה,
און נעמען לייכט איבער די זאַכן.

קינדער זיי לערנען בלויז עטלעכע יאָרן,
און נעמען וואונדער אין אַרבעט באַווייזן,
ווער מיט הובל, מיט זעג און מיט האַמער —
ווער אויף קאָוואַדלע, ביים שמידן דאָס אייזן.

און קינסטלער אין האָלץ פאַר לאָנדאָן, פּאַריז,
אין דער "סטודיאָ" ווי אין פאַבריק,
ניט געוועזן פאַר זיי קיין אָרט אין די היימען
פאָרן זיי שוין קיינמאָל ניט צוריק.

נאָר משה דער שמיד האָט ניט געדאַרפט פאָרן,
רואיק אין לאַנד זיך פאַרבליבן,
זיין פּנים טראָגט ניט פון איד קיין סימן,
האָט אים די נויט ניט געטריבן.

די אויגן די בלאָע בליקן זיך דרייסטע,
גרינג פליסט די שפּראַך פון זיין צונג,
פירט קיינמאָל ניט מיט זיך קיינע חשבונות,
קומט אָן אים די ראָלע גאַנץ גרינג.

מאַרצעל הויבט אויף דעם האַמער דעם שווערן,
און לאָזט אים אויף אייזן אַרונטער,
נעמען מוסקולן זיך ריטמיש באַוועגן,
פייפט גויאיש בעת־מעשה זיך אונטער.

די גויים זיי ווערן פאַר אים די כפרה,
זיי עסן און טרינקען צוזאַמען,
דערמאָנט ער פאַר זיי אַפּט יעזוס׳עם נאָמען —
און אָפּט אויך יעזוס׳עם מאַמען.

משה האָט אַלץ שוין וואָס אידיש פאַרגעסן,
ניט געוועזן ווער ס׳זאָל אים דערמאָנען.
וואָלט ווער פון אידיש אים עפּעס דערציילן,
וואָלט ער אויך ניט פאַרשטאַנען.

ווען דער פרייהייטס געדאַנק האָט אַריינגעדרונגען
און אויך די גויאישע מוחות געשליפן,
איז מאַרצעל געבליבן שטיין פון דער ווייטנס,
זיין קאָפּ האָט דאָס ניט באַגריפן.

נאָר איינמאָל אין יאָר, פון קינדווייז געדענקט ער,
און דעם עול האָט ער שטענדיק געטראָגן,
צו גיין אין דער געטאָ — אין שול צו די אידן,
נאָכן טאַטן קדיש צו זאָגן.

ער וואָלט אויך נאָך זיין מוטער אַ ליכטל געצונדן
נאָר צו איר האָט אים גאָר ניט געבונדן,
פּטר׳ט ער אָפּ דעם איינציקן יאָר־צייט,
און איז פריי שוין אַ יאָר אַ רונדן...

איז זיך געוועזן אַ פאַרנאַכט אין סוף זומער,
ווען משה איז פון שול שוין געגאַנגען,
זיינען אים פאַרביי צוויי חבר׳טעם אידישע,
און איינע האָט זיין האַרץ געפאַנגען.

ער איז שוין די נאַכט גאָר ווייניק געשלאָפן,
ניט געקאָנט אַליין זיך דאָס דערקלערן.
אים דוכט, זיין מאַמע האָט געהאַט אַזאַ פנים, —
און געוואַרט אַז טאָג זאָל שוין ווערן.

עס הערט אויף מיט שיקסעס זיך חבר׳ן מאַרצעל,
דאָס געשטאַלט האָט אים גערייניקט.
ער ווייסט, זי איז ווי א שטערן צו דערגרייכן,
דאָך זים איז אים דאָס ווערן געפּייניקט...

ער איילט יעדן טאָג אַהיים פון זיין אַרבעט,
ער לויפט נאָכ׳ן חלום פון נעכטן,
טרעפט אַז אַמאָל ער זעט ניט דאָס מיידל,
פאַרשרייבט ער דעם טאָג — אַלס שלעכטן...

קומט ער אַהיים און קוקט אין שפּיגל,
ער וויל דאָרט משה׳ן געפינען,
באַדעקט באַלד אַ שוויים, אַ קאַלטער, זיין פּנים —
ער זעט מאַרצעל — אַ חלום צערונען...

ביז ווערט ער דעמאָלט אויף זיך און זיין פּנים,
ער וואָלט עס מיט נעגל צעריסן —
ווי קאָן ער גאָר וואַגן אויף דעם צו האָפן! —
ניין! זי טאָר עס גאָר קיינמאָל ניט וויסן!

משה וואוינט לאַנג שוין אין אידישן געגנט,
עס האָט אים אַהינצו געצויגן,
וואו יעדן פאַרנאַכט גייען אויף צוויי זונען,
צוויי ליכטיקע מיידלשע אויגן.

קומט ער פון דער אַרבעט, וואַשט זיך אַרום,
און לאָזט זיך שפּאַצירן אין גאַס,
נאָר א זונטיק ליגט אויף זיינע מלבושים, —
עס איז דער טיוול, דער זעלביקער שפּאַס!

אַזוי גייען פאַרביי וואָכן, חדשים,
עס גייט זיך די צייט איר גאַנג.
דאָך, די געשיכטע חזרט זיך איבער —
דאָס וויסן מיר אידן שוין לאַנג.

טראָגן זיך אין לופט שוואַרצע געשפּענסטער,
ס׳בליען אויף די סם׳איקע זאָמען.
אידן קאָנען לאַנג קיין מנוחה ניט האָבן,
שוין ווידער די ניי־אַלטע פּאָגראָמען.

משה האָט פון די גויים עפּעס וואָס געהערט,
און ווייסט ניט וואָס דעריבער צו טראַכטן.
ער לעבט בלויז פאַר זיין חלום, דעם שיינעם,
און פאַר די שיינע פאַרנאַכטן...

קומט ער אַרוים פון שטוב אַ פאַרטראַכטער,
ער אײַלט זיך צום טויער פון גאַס,
פאַרלויפט אים דעם וועג אַ אידישער בחור,
מיט אַ פּנים וואָס שמייכלט נאָר בלאַס.

ער זעט אויך אין ווינקל שטייען מער אידן,
מיט בליקן צו אים און וואַרטן,
פאַרלירט ער ס'געדולד און ווערט בייז,
און ענטפערט מיט אַ בליק אַ האַרטן.

ווי קומט ער צו פרעגן אים צי ער איז אַ איד —
און וואָס וועלן זיי פון אים פאַרלאַנגען?
נאָר פונקט אין דער שווערער מינוט,
איז דאָס מיידל פאַרביי זיי געגאַנגען.

דוכט זיך אים אוים זי שמייכלט צו אים,
און אין שמייכל ליגען פאַרלאַנגען,
האָט ער דערפילט אַ נאָענטקייט צו איר,
און אין האַרצן — אַ כאָר פון געזאַנגען...

קומט ער דעם אָוונט פון אַן אסיפה אַהיים
מ'האָט אים דאָרט געעפנט די אויגן,
און כבוד געטיילט פאַר זיינע צוויי פויסטן,
שטאָט אַ רוקן פון גלות געבויגן . . .

אין הימל די זון, אַ רויטע, פאַרשעמטע,
צו וואָס איז זי היינט אויפגעגאַנגען,
ליכט, צו וואָס ליכט? צי איז עס גאָר נויטיק
אין דזשאַנגל פון חיות און שלאַנגען?

אַ ווילדער געשריי, פון אַ ווילדן המון,
אידן לויפן אין שרעק אין די גאַסן,
אַ בראַזג פון צעבראָכענע שויבן,—
אין שרעק פאַר מאָרדן — באַרויבן.

אַהיים אײַלט זיך משה איצט פון דער אַרבעט,
עס זײַנען פאַרשטעלט שוין די װעגן,
עס שלאָגן זיך דאָרטן גױים מיט אידן,
דער זעלבסט-שוץ — ער שטעלט זיך אַנטקעגן...

פּלוצים דערהערט זיך יעזוס געשרײען,
עס פאַלן גױים צעקײלטע, צעשלאָגן.
זײ פאַלן װי בײם שניטער די זאַנגען,
אין משה׳ס ידים — אַן אַקס פון אַ װאָגן...

ס׳װאָלט דער זיג איצט אַ פולער געװען,
די פּגרים זײ ליגן צעזײטע.
נאָר ס׳הערן זיך גרױלעך פרישע געשרײען,
פון הױפן, פון גאָר ניט קײן װײטע.

אַן װערטער, זײַנע בליקן גיבן באַפעלן.
ער מאַרשירט דער ערשטער אין רײ.
זײ אײַלן צו קומען ברידער צו הילף,
עס רופט אין געפאַר דער געשרײ...

זײ שפּאַנען װי העלדן, מיט טראָט אַזױ זיכער,
זײ טרױען און לאָזן זיך פירן,
זײ קומען צום אָרט, װאָס זײ האָבן דערזען,
האָט ס׳בלוט גענומען אַזש פרירן.

אַ חורבה דער הױף, אַ קופּע מיט ברוכװאַרג,
פון מעבל צעװאָרפן, צעבראָכן,
און צװישן דעם בראָך, אַ בראָך — נאָר גרעסער,
זי . . . אַ טױטע — דערשטאָכן ! . . .

בײ משה׳ן די אױגן פאַרגאָסן מיט בלוט,
זײַנע הענט פאַלן אַרונטער,
װי צװײגן װאָס הײנגען ארונטער, געזעגנטע
און זײַן פּנים צעברענט זיך װי צונטער . . .

דער צאָרן צעברענט זיך אין פלאַם פון נקמה,
אַלץ פאַרבט זיך משה׳ן אין רױט,
דונערט ער אַרױף, עס הילכט זײַן געשרײ :
„קומט ! אױף לעבן און טױט !"

נאָר איידער זיי זיינען אַרויס פון די הויפן,
איז אַ באַנדע אַ פרישע געקומען,
שכּור פון בראָנפן, שכּור פון בלוט,
איז געווען ענלעך צו חיות זייער ברומען. —

און ווידער אַ קאַמף אויף לעבן און טויט . . .

— — — — — — — — — — — — — —

ווייַ, און וויי, טויזנט מאל וויי צו אַזאַ זיג!
דער שוידער און גרויל איז פאַרבליבן,
שן תחת שן, עין תחת עין,
האָט אין בלוט זיך אויף שטיינער געשריבן.

ווען ס'איז איינער אַ לעצטער פאַרבליבן,
אַ גוי מיט אַ ריזן געשטאַלט,
האָט משה אים בלויזע הענט אָנגענומען,
און זיך פאַרמאָסטן אין רויען געוואַלט.

ווען איינער אַ חבר וויל קומען אים צו הילף,
און איז מיט מעסער שוין גרייט,
באַקומט ער פון משה'ן אַ בליק אַזאַ,
אַז ער בלייבט שוין שטיין אין אַ זייט.

פאַר משה'ן איז איצט ווינציק דאָס מעסער,
דעם בראַנד פון מוסקולן צו קילן,
ער מוז ברעכן די גלידער הערן דעם קנאַק,
די נקמה טרוקן צו פיל . . .

שטייען חברים מיט שרעק אין די בליקן,
זיי דוכט זיך אַז משה ווערט שוואַך,
דאָך בויגט ער דעם ריז ביז ער גיט אים אַ שליידער, —
הילכט אָפּ אויף שטיינער דער קראַך . . .

דער קאָפּ ביים גוי שוין ניט צו דערקאָנען,
זיינען אויגן הענגען אַרויס,
משה טרעט אים אויפן בויך, אויפן פּנים,
זיין כּעס אָבער ברענט זיך ניט אויס . . .

פלוצים ווי ער וואָלט זיך אין עפּעס דערמאָנט,
נעמט ער אויפסנייַ אים נאָך שלאָגן,
מיינען חברים, ער איז משוגע געוואָרן,
האָבן מורא אַ וואָרט אַרויסצוזאָגן.

אין האַנט ביי אים איז אַ שפּיציקער מעסער,
און איז איבער אים איבערגעבויגן,
ער שטעכט אים אין קאָפּ, אין יעדן אבר,
צום לעצט אין די לעכער פון אויגן . . .

שטייען חברים אין שרעק און שטוינען,
עס פינצטערט ביי זיי דאָס געמיט,
פרעגט חבר ביי חבר שטיל אויפן אויער:
„ביזט זיכער, אַז ער איז אַ איד?" . . .

משה וואָלט באַלד דעם ענטפער געגעבן,
וואָס חברים האָבן געגאַרט צו וויסן,
נאָר באַלד איז פון אים דאָס חיות אַרויס,
דעם גרויל פון זיין לעבן צו שליסן . . .

עס לויפט די לבנה פון וואָלקן צו וואָלקן,
גלייך ווי זי האָט מורא צו שיינען,
ס'וואויעט אַ הונט אַריין אין דערנאַכט,
בלויז ער וואַגט די טויטע באַוויינען . . .

אַ וואָלקן אַ דיקער דעקט צו די לבנה,
איז פינצטער אין הויף פון רואינען,
שלייכט אַרויס פון ווינקל אַ פינצטער געשטאַלט,
נעמט זוכן און האָט געפונען, —

קניט ער אויף דער ערד פאַמעלעך אַנידער,
באַפינצטערט זיי מער מיט זיין שאָטן,
צוקט מיט פּלייצעס, ס'איז לאַכן און שוידער, —
ווי ענלעך דער זון איז צום טאַטן . . .

באַלד ווערט ער פאַרשוואונדן, ווי קיינמאָל געווען,
ר'איז אַוועק אויף זיינע פינצטערע וועגן,
ס'איז דער טייוול געווען, דער זעלבער טייוול,
וואָס איז אונטערן שיר המעלות געלעגן.

# דור, מיין דור

דור, מיין דור, ליידענדער דור.
ווער האָט דיינע בלוטן געצונדן?
ס'זאָל ווי ביי „קין" זיך רויטן דיין פּנים — — — — — — — —
און די צורה פון „אדם" פאַרשוואונדן?

דור, מיין דור, פאַרפּייניקטער דור,
דיך וועט דאָך פאַרצערן דיין צאָרן;
נעמסט און ברענסט דעם דאַך איבער קאָפּ —
אויף פּעלדער דיין ווייץ — דיין קאָרן.

דור, מיין דור, אומגליקלעכער דור,
קאָנסט אין זיך די חיה ניט צאַמען?
וועט אומגליק זיין דער נאָמען פון מענש?
קללה פאַר פאַרגאַנגענע שטאַמען?

דור, מיין דור, מיין היינטיקער דור,
דיך וועלן געטער, פאַלשע פאַרפירן,
לאָזט אייך ניט שלעפּן פון זיי צום קרייץ —
און פאַר דורות לאַנגע צונאָגלען . . .

— — — — — — — — — — — — — — — —

דור, מיין דור, מיין אייגענער . . . דור,
צו דיר איז מיין מזל כפל שמונה געבונדן . . .
ריים איך מיין טלית אין פּאַסן פאַר דיר —
באַנדאַזשן, פאַר דיינע — מיינע וואונדן.

# מיין שטוב

ס'טונקלט גרוי ביי מיר אין שטוב —
אויך בייטאָג ווי אין אַ גרוב.

שיינט אין דרויסן העל די זון,
קומט צו מיר קיין שטראַל דערפֿון . . .

ס'עפֿנט קיינער ניט מיין טיר,
כאָטש עס הייגגט קיין שלאָס אויף איר.

און דער שפּיגל אויף דער וואַנט
ווייזט אַ פּויסט מיר אָנגעשפּאַנט.

און דעם פֿויגל אין דער שטייג,
בעט איך אויך: אַ, בעסער שווייג!

שטום ווי איך. צו וואָס געזאַנג?
ביזט ווי איך דאָך אין געפֿאַנג . . .

בלויז דער זייגער האַמערט שווער —
אין דער שטילקייט הערט זיך מער —

טיק־טאַק־טיק, אומעט—גרוי —
צייטיקט ליגן יעדע שעה . . .

ס'טרעפֿט אַמאָל דאָך אומגעריכט
בליצט אַריין צו מיר אַ ליכט.

ס'איז אַ שיין וואָס שפּאַנט דאָס אויג,
הויבט מיין קאָפּ אויף פון געבויג. —

שפּילט די שיין אויף שורות שוואַרץ —
ליכט און שאָטן — ליד אין האַרץ.

איז מיין פּען שוין שפּיזיק שטאָל,
פעלט דער שונא פון אַמאָל . . .

איז אַ זיג דאָס אָן אַ שלאַכט,
טאָג מיין ליד אין מיטן נאַכט . . .

# גלאַט אַזוי

פרעג צו וואָס און פאַר ווען?
אַז אַלץ דאַכט זיך גלאַט אַזוי?
ס'האָט קיין צוועק צו גריבלען זיך,
אַז אַלץ איז פשוט, גלאַט אַזוי . . .
גלאַט אַזוי — גלאַט אַזוי,
זע איך מענטשן קייען שטרוי . . .
האַלב דערבאַקן — האַלב נאָך רוי —

גלאַט אַזוי — גלאַט אַזוי,
מאָנט דער מאַן — מאָנט די פרוי . . .
זייער הימל טונקלט גרוי,
גייט דאָס לעבן — גלאַט אַזוי . . .

# דער ירדן

שטראָמט דער ירדן דורך מיין לאַנד,
געאָגראַפיש אינדערמיט,
מטאָר ס'לאַנד אין צוויי ניט טיילן,
עס מיינט, אין האַרץ אַ שניט.

עס קאָן ירדן קיין גרענעץ זיין,
ווי צווישן באַרג און טאָל,
ס'לאַנד מוז זיין גרוים און גרעסער,
ווי עס איז געווען אַמאָל.

ירדן טייך, בערג און טאָלן,
ווי אין תנ"ך געמאָלן,
צוביידע ברעגן נאָך פון יענער צייט,
גרייכט דער עכאָ — נביא'ס רייד.

דורך מיין לאַנד דער ירדן שטראָמט,
זינגען כוואַליעס „דער ירדן קומט";
באַם ברעג די בוימער רוישן צו,
פאַרן וואַנדערער „קום און רו".

באַ דעם שניט אין רייפן פעלד,
און באַם ירדן'ס פיש געפאַנג,
פריידיק שאַלן פסוקים תהלים,
„איין פאָלק — איין געזאַנג".

# פאַרנאַכטן

יעדן אָוונט אונטער זיין פענצטער
מאַכן די קינדער קולות, געוואַלטן;
העלפן ניט אַלע זיינע פּראָטעסטן,
זיי הערן ווי די קאַץ דעם אַלטן.

ס'וויסן די קינדער דער אַלטער שרייבט לידער
נו ווּעמען אַרט עס זאָל ער שרייבן!
קינדער זיינען באַרעכטיקט צו שפּיל
און ווּעלן אונטער פענצטער פאַרבלייבן.

אויבן, אין שטוב, די שאָטנס זיך שפּרייטן.
זיי קומען אַרויס פון די ווינקלען.
דרייט זיך ווי אַ שלענגל אין לעמפּל די קנויט,
נעמט עס שטאַרקער נאָך טונקלען.

אויף וואַנט דער אַלט-מאָדישער זייגער
שטום, ער וועט שוין קיין צייט ניט אויסשלאָגן.
ס'וועט שוין ניט זיין קיין שפּעט און קיין פרי
קיין מיט-נאַכט און קיינע פאַרטאָגן.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אויפן טיש זיין לולקע מיט אַש אָנגעפּילט.
וואָס ווייס אַ לולקע? ליגט זי און וואַרט.
נעבן איר אַ פּאָר ברילן פאַרשטויבטע,
אויגן פאַרגלייזטע, אַ בליק פאַרשטאַרט.

— — — — — — — — — — — — — — — —

אינדרויסן קונדסים פאַרטאָן אין שפּיל,
ווי אין אַלע שיינע פאַרנאַכטן.

פלוצים דוכט זיך איבערגעריסן אַ ליד,
בלייבן זיי שטיל און טראַכטן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

בליקן די קינדער צום פענצטער אַרויפצו,
פון וואַנען ס'איבערגעריסענע ליד איז געקומען.
ווישן זיי אוים די קינדערשע טרערלאַך
און דערמאָנען מיט ליבע זיין נאָמען.

# כ׳זינג מיין ליד...

כ׳זינג מיין ליד, כ׳זינג מיין ליד,
און ווער ניט מיד, ניין, כ׳ווער ניט מיד.

כ׳זינג מיין ליד און הער זיך איין,
און מיר דוכט: כ׳זינג ניט אַליין.

כ׳הער זיך צו, כ׳ווער באַגלייט —
חברים פון אַן אַנדער צייט.

כ׳הער זיך צו, כ׳דערקאָן זייער קול:
ס׳וואָרט פון הארץ דורך זייער מויל.

כ׳שטריינג אַן מיין בליק, כ׳וויל זיי זען,
ווי זיי זענען פאַר מיר געווען.

כ׳שטרעק אוים מיין האַנט צו דער ווייט —
צו גרוים דער חלל—קבר, צייט...

ווי נאָך אַ חלום ווער איך וואַך;
אויסגעחלומט—מיינע לידער.

בלויז דורך ליד, ווי אין חלום,
קאָן זיין דאָס וואָו געווען ווידער.

# אינהאַלט

# אינהאַלט

# אינהאַלט